# DI ANTSHTEYUNG FUN ""FORVERTS"" UN ZAYN KAMF MITN ""ABENDBLAT""

Yaakov Milkh

•



# די
# אנטשטייאונג פון „פאָרווערטס"
## און זיין קאַמף מיטן „אבענדבלאַט"

**(1893—1902)**

## זכרונות

פון

## יעקב מילך

ארויסגעגעבן פון דעם מחבר.

ניו יאָרק — 1936

# אינהאַלט פאַרצייכניס

זייטע

# הקדמה

(אַ פּאַרשפּעטיקטער ענטפער)

פאר איין און צוואנציג יאָר האָב איך דערהאלטן צוויי בריוו וואָס איך האָב ביז היינט נאָך ניט געענטפערט. צום גליק זיינען די בריוו און די תשובה וואָס זיי פאָדערן נאָך ניט פארעלטערט געוואָרן. פאר וואָס איך האָב אויף די בריוו אזוי לאַנג ניט געענטפערט, און פאר וואָס איך האָב זיך גראד איצט דערמאָנט צו שרייבן א תשובה, וועט דער לייענער זען פון די ווייטערדיגע קאפיטלאך. דאָ וויל איך נאָר איבערגעבן די צוויי בריוו ווי איך האָב זיי דערהאלטן מיט 21 יאָר צוריק.

דער ערשטער בריוו לייענט זיך.

ניו יאָרק, יולי 14טן, 1913.

ווערטהער גענאָסע י. מילך:

אייער לעטער ערהאלטען.

דער בוך פון דער געשיכטע פון „דער אידישער ארבייטער באַוועגונג" וועט באשטעהן פון 3 טהיילען. 1טער טהייל וועט זיין די סיסטעמאטישע געשיכטע פון אידישער ארבייטער באוועגונג, אמעריקא, רוסלאַנד און ענגלאַנד. דער טהייל ווערט געשריבען פון ה. בורגין. 2טער טהייל פּערזענליכע ערינערונגען פון די גענאסען וואָס האָבען אליין דורך געלעבט אינטערעסנאַטע היסטאָרישע פּאסירונגען. פּאָלגענדע האָבען מיר איינגעלאַדען: אב. קאהאן, ש. יאנאָווסקי, ב. פייגענבוים, יצחק אייזיק, דר. פּעסקין, ווינטשעווסקי, באראנאָוו, פ. קראַנץ, ליעסין און אייך. אלע די פּערזאָנען האָבען פארשפּראכען צו געבען די עראינערונגען אָהן בעצאָהלט, אויסער איינעם. און דערביי וויל איך באמערקען לויט אונזערע עקספּענסעס זיינען מיר ניט אומשטאנדע צו בעצאָהלען. די אָבטהיילונג וועט באשטעהן פון בעזונדערע היסטאָרישע סקעטשעס פון יעדע יוניאָן פון די געווערקשאַפטען גופא און פון ארבייטער רינג.

וואָס מיר ווילען האָבען פון אייך איז איהר זאָלט שרייבען וועגען די געווערקשאַפטען פאר די צייט וואָס איהר זיינט געווען סעקרעטער (דער קריזיס 1893). אלע סעקרעטערע געוועזענע און היינטיגע וועלען שרייבען פאר דער צייט ווען זיי האָבען געהאלטען דעם אמט. ווען איהר ווילט אזוי פריינדליך זיין און שרייבען פערזענליכע עראינערונגען וועלען מיר עס מיט פרייד און דאנקבארקייט דרוקען. מיר גיבען פאר יעדען פון די גענאָסען פון 10 ביז 15 פיידזשעס (זייטן י. מ.) אונגעפעהר און ווען עס וועט זיין עפּעס מעהר וועלען מיר עס ניט ארויסוואַרפען.

די רעדאקטערע פון בוך זיינען די גענאסען אב. קאהאן, ש. יאַנאָווסקי און ב. פייגענבוים. זיי האָבען גענוג ארבייט ביים בוך און טוהען דאָס גערין אָהן בעצאָלט.

מיר האָפען אז איהר וועט שרייבען. די צייט איז ביז 10טען אויגוסט. פּלים לאָזט מיר וויסען וואָס איהר וועט טאָן פאר אונז.

מיט גענ. גרוס

ב. ווינשטיין

דער צווייטער בריוו איז דאַטירט דעצעמבער 15טן, 1913, און ער לייענט זיך:

ווערטהער גענאָסע מילך!

ווען מיר האָבען זיך לעצטען זומער געטראָפען אין לעוויטס רעסטאָראן, האָבען מיר אָבגירעדט איך זאָל אייך שיקען א ליסטע מיט פראגען, און מיר זאָלען נאכהער מאכען אן אפּאָינטמענט (באַשטעלונג י. מ.), ווען און וואו צו זעהען זיך.

איך האָב אבער באלד נאָך דעם געענדערט דעם פּלאן פון מיין ארבייט, און די עפּאָכע פון די 90־ער יאָהרען אין אמעריקא האָב איך געמוזט אָפּלעגען אויף א שפּעטערע צייט. יעצט ארבייט איך שוין איבער די 90־ער יאָהרען, און איך מוז אָנקומען צו אייער לאַסקע: איך פארלאנג פון אייך איהר זאָלט מיר בעלייכטען געוויסע פראגען, וואָס האָבען א שייכות צו דער אידישער ארבייטער באוועגונג אין פערלויף פון די 90־ער יאָהרען.

איך האָב געפּרופט אויסארבייטען א ליסטע מיט פראגען, אבער איך האָב זיך באלד ערקונדיגט, אז דאָס איז איבריג. אלע פראגען

קען איך סיי ווי סיי ניט אויסרעכענען, און ביים פּערזענליכען זעהען זיך ווען ווארשיינליך ארויסשווימען פראגען, וואָס איך קען גאָר ניט פאָראויסזעהען.

איך קען דאָ נאָר אָנדייטען די אלגעמיינע שטריכען פון גע־שפּרעך, וואָס איך וואָלט וועלען מיט אייך האָבען, און דאס זיינען:

1) אייער ראָלע אין די געווערקשאפטען;

2) אייער טהעטיגקייט אין קריזיס יאָהר (1893);

3)די ראָלע פון נוארקער קאָנווענשאָן אין באצוג צום ספּליט;

4) וואָס זיינען געווען: א) די פּרינציפּיעלע אורזאכען פון די האמפּעריי ען? ב) וואָס זיינען געווען די אָרגאַניזאציאָן־אורזאכען? ג) וואָס זיינען געווען די פּערזענליכע קריוודעס. ווער האָט געגען ווע־מען געהאט קריוודעס?

5) ווי אַזוי האָבען זיך ענטוויקעלט די האמפּערייען, וואָס האָ־בען געבראכט צו אָפּאָזיציאָן און צו דער גרינדונג פון „פאָרווערטס"?

6) די פּאסירונגען, וואָס האָבען געבראכט צום „קענגערו" ספּליט (שפּאלטונג י. מ.)?

7) די אינדעפּענדענט לייבאָר פּארטיי.

8) דער שיקזאל פון סאָשיליסט טרייד און לייבאָר עליינס.

---

איך בין בערייט צו קומען צו אייך דעם קומענדען זונטאג (אָדער אנאַנדער טאָג). שרייבט מיר נאָר, אין וועלכע צייט פון טאָג עס איז פאר אייך בעקוועמער צו טרעפען זיך מיט מיר. וואָס אנבע־לאנגט מיר, וואָלט איך פארלאנגט פון 1 נאָך מיטאָג ביז...

האָפענדיג אויף א גיכען ענטפער, פארבלייב איך
מיט סאָציאליסטישן גרוס

ה. בורגין

בורגין איז געקומען צו מיר, און איך האָב דעמאָלט געענטפערט אויף זיינע פראגן. וואָס עס זיינען געווען די פראגן אָדער די אנט־וואָרטן, געדענק איך ניט מער. ב. ווײנשטיינ׳ס בריוו איז געווען זיינס אַ צווייטער בריוו. דער ערשטער איז געווען איינפאַך אַן איינלאַדונג. אויף דער איינלאַדונג האָב איך געענטפערט און געבעטן מיר ארויס־

צושרייבן מער איינצלהייטן, אויף וואָס דער אויבּיגער בּריוו איז גע־
ווען אַ תשובה. וואָס איך האָב געענטפערט, און צו איך האָב געענט־
פערט, אויף דעם בּריוו, קען איך מיך מער ניט דערמאָנען. זיכער
איז, אַז איך האָב דעמאָלט מיינע עראינערונגען ניט געשריבן. פאַר־
וואָס ? די פאָלגנדע בּלעטער וועלן געבּן די אויפקלערונג.

בּיי דער געלעגענהייט וויל איך אויסדריקן מיין דאַנק צו מיין
פריינט נ. פיינערמאַן פון דעם אמאופטייל פאַר דער פרייוויליגער הילף
וואָס ער האָט מיר געגעבּן בּיים צופערטיקן דאָס בּיכל צום דרוק.
ער האָט ניט נאָר פּאַרזיכטיק געלייענט מיין מאַנוסקריפּט און אים
איבּערגעשריבּן אויף דער שרייבּ־מאַשין, ער האָט אויך געלייענט
פאַר מיר די לעצטע קאָרעקטור, ועל כולם האָט ער מיר שטאַרק
געדינט מיט דעם, וואָס ער האָט אַנטדעקט און מיר אויפמערקזאַם
געמאַכט אויף אַ טעות אין אַ דאַטום, וואָס איך וואָלט זיך אפשר
אַליין ניט געוועזן געכאַפּט.

ערשטער קאַפּיטל

# וואָס האָט מיר געבראַכט צו שרייבן די זכרונות?

דאָס ביכל „ייווא בלעטער", דאַטירט דעצעמבער 1932, איז מיר געקומען צו דער האַנט ערשט אין מיטן פעברואַר 1934, ווען איך הויב אָן שרייבן די דאָזיקע שורות.

דער ערשטער אַרטיקל וואָס האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן איז געווען: „צו דער געשיכטע פון דער אידישער אַרבעטער פּרעסע אין אַמעריקע", געשריבן פון אַ יונגענמאַן מיט דעם נאָמען משה שטאַרקמאַן. אין יענעם אַרטיקל ווערט דערציילט באַריכות און — ווי עס קען זיך דאַכטן — אָביעקטיוו און אומפּאַרטייאיש — ווי אַזוי עס איז געגרינדעט געוואָרן דער היינטיגער „פאָרווערטס", אין דעם יאָר 1897, אַלס אָפּאָזיציע צו דעם דעמאָלט עקזיסטירענדן „אַבענדבלאַט", און דעם קאַמף וואָס די אָפּאָזיציע האָט אָנגעפירט געגן דער „קליקע", ווי מען האָט דעמאָלט גערופן די פאַרוואַלטער פון דעם „אַבענדבלאַט", ווייל זיי האָבן געזאָלט האָבן פאַרכאַפּט די צייטונג אין זייערע הענט. אויף יענער חתונה בין איך געווען גאַר אַ נאָענטער מחותן, איינער פון די הויפּט מחותנים. איך בין שיער, שיער ניט געווען דער פירער פון יענער „קליקע". מיר איז דערפאַר געווען זייער אינטערעסאַנט צו זען ווי אַזוי יענער עפּיזאָד ווערט באַהאַנדלט היסטאָריש פון איינעם וואָס געהערט צו דעם יונגן דור, וואָס ער שרייבט נאָך דערצו זיין היסטאָריע אין אַ זשורנאַל מיט גרויסער היסטאָרישער אחריות, וואָס דאָס אַליין ליגט צו געוויכט און וויכטיקייט צו די ווערטער פון דעם מחבר.

עס טוט מיר לייד צו מוזן זאָגן באַלד אין אָנהויב, אַז שטאַרקמאַנס אַרטיקל האָט מיך שטאַרק אַנטוישט. איך האָב אַלעמאָל גערעכנט, אַז די געשיכטע דאַרף זיך אַרונטערלאָזן אַביסל טיפער, און זיך גרונטעוועון אַביסל ערנסטער, ווי שטאַרקמאַן האָט דאָס געטאָן.

פאר דאָס האָט דער ארטיקל, פון דער צווייטער זייט, מיך געלערנט עטליכע זייער וויכטיגע זאכן.

קודם כל בין איך געקומען צו דעם געדאנק, אז די צייט צו שרייבן אן אמת'ע געשיכטע פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פרעסע אין אמעריקע, אָדער די געשיכטע פון דער אידישער ארבעטער באוועגונג אין אמעריקע, איז נאָך ניט געקומען. דער „פאָרווערטס" איז זייער פעסט איינגעוואָרצלט; ער האָט ארומגעכאַפּט דאָס גאנצע אידישע לעבן, הויפּטזאַכלאַך די אידישיסטישע אינטעליגענציע, אין אמעריקע, און טיילווייז אויך אין אייראָפּע; זיין פּאָליטיק, און זיין מאכט טויטצושווייגן קעגנער און צו רעקלאמירן און פּראָקלאמירן פריינט איז אומגעהויער גרויס; ועל כולם, זיין כח צו געבן פּרנסה צו איינצלנע, און צו העלפן, אדער צו פארניכטן אינסטיטוציעס, איז אזוי שטארק, אז יעדער איינער וואָס נעמט זיך שרייבן וועגן זאכן וואָס זיינען נוגע דעם „פאָרווערטס" — ווי ערלאך אזא איינער זאָל ניט זיין — טוט ער דאָס אינסטינקטיוו מיט אן אויג אין דער ריכטונג פון דעם „פאָרווערטס".

אונטער אזעלכע באדינגונגען קאָן קיין אמת'ע געשיכטע ניט גע־שריבן ווערן „עד תם כל הדור". דער גאַנצער „דור המדבר", און דער צווייטער דור, וואָס איז געהאָדעוועט געוואָרן פון דעם דור המדבר, מוזן פריער אריין אין דעם תהום פון דער געשיכטע איידער עס וועט מעגלאך זיין צו שרייבן די אמת'ע געשיכטע פון דער אנטשטיי־אונג פון דעם „פאָרווערטס".

שטארקמאנס ארטיקל האָט מיך, צווייטנס, איבערצייגט ווי נויט־ווענדיג עס איז צו שרייבן זכרונות.

זינט יאָרן טרייבן מיך מאנכע פון מיינע פריינט צו שרייבן זכרונות. איך האָב ביי זיך קיינמאָל ניט געקאָנט פועלן צו נעמען זיך ערנסט צו אזא ארבעט. שרייבן זכרונות, האָב איך אלעמאָל גע־טראַכט, איז אן ענין פאַר אַלטע לייט, וואָס האָבן שוין, אזוי צו זאָגן, די קינדער אויסגעגעבן אין נחת, וואָס האָבן מער קיין שום ספיקות ניט, אדער וואָס האָבן זיך שוין מיאש געווען ווען עס איז צו געפינען אן ענטפער אויף זייערע פּראָבלעמען — אזעלכע מענשן, האָב איך געטראַכט, קאָנען זיך אוועקזעצן און זיך רויען אין אלטע שמות. אָבער ווי קומט איינער וואָס האָט נאָך ניט פארענטפערט אפילו

איינע פון זיינע ספיקות, וועלכער שטייט ערשט ביים סאמע אָנפאנג — ווי קומט אזא איינער זיך צו נישטערן אין זיין אייגענער פארגאנגענהייט? מיט א יאָר זיבן, אכט צוריק האָב איך, אונטער דעם דרוק פון עטלאכע פריינט, אויפגעשריבן עפּעס א הונדערט זייטלאך זכרונות, ביז צו מיין צענטן יאָר, אבער די ארבעט איז מיר נמעס געוואָרן און איך האָב דאָס געוואָרפן. שטארקמאנס ארטיקל האָט מיר געוויזן מיין טעות. אויב מען קען שרייבן געשיכטע ווי ער שרייבט אונטער דער נאָז פון די מענטשן וואָס האָבן געהאָלפן מאכן דידאָזיקע געשיכטע, מענטשן וואָס מען קאָן דערגרייכן מיט א טעלעפאָן רוף פאר 5 סענט, וואָס וועט שוין זיין שפּעטער ווען ס'וועט מער קיינער פון זיי ניט זיין?

אויב איינער זאָל מיך דאָ אָפּשטעלן און פרעגן: וואָס אַרט עס מיך, אז מען שרייבט די געשיכטע פארקערט, וועל איך אים אסור וויסן וואָס צו ענטפערן, א חוץ אפשר, אז דאָס איז ניט דאָס ערשטע מאָל וואָס איך מאך זיך אָן צרות, ווייל איך קען ניט פארטראָגן קיין שקרים. עפּעס אין מיר רופט ארויס א פּראָטעסט יעדעס מאָל ווען איך הער ווי מען פארשפּרייט שקרים. שקר איז ניט נאָר אומעטיש, עס איז פאר אלץ אומעסטעטיש. עס רופט ארויס א ווידערווילן און א דיסהארמאָניע אין דעם צוזאמענשטעל פון די טאטזאכן, און עס גרילצט אין די אויערן. דאָס איז מיין איינציגע אנטשולדיגונג פארוואָס איך מאך אָט־דידאָזיקע ארבעט.

א דריטע זאך וואָס איך האָב געלערנט פון דעם ארטיקל איז, אז שטארקמאנס מעטאָדע איז ניט די ריכטיקע מעטאָדע פון געשיכטס־שרייבערייי.

ערשטנס, מען קען ניט פארשטיין דעם גייסט פון דער אידיש־סאָציאליסטישער ארבעטער פּרעסע, אדער די אידישע ארבעטער באַוועגונג אין אמעריקע — און סוף כל סוף זיינען די צוויי זאכן איין און די זעלביקע זאך — אויב מען קען ניט די געשיכטע און דעם גייסט פון דער ריין־אמעריקאנישער ארבעטער באוועגונג און די התחלה פון דער דייטשער ארבעטער באוועגונג אין אמעריקע. דאָס מעגן זיך נעמען אין זין אריין אלע די וואָס ווילן צוגיין צו שרייבן די געשיכטע פון דער אידישער ארבעטער באוועגונג אין אמעריקע. די דריי באוועגונגען זיינען אזוי ענג פארבונדן צווישן זיך, אז עס

איז לחלוטן אוממעגלאך צו באגרייפן די שטרייטיגקייטן אין דער אי־דישער ארבעטער באוועגונג און פּרעסע ניט קענענדיק די אנדערע צוויי. שטארקמאן, ווי מען קען עס זען פון זיין ארטיקל, און ווי מיר איז באַקאַנט פון פּערזענלאכער דערפארונג, דענקט אפילו ניט אין דער ריכטונג. ער האָט מיט דער ארבעטער באוועגונג גאָרניט צו טאָן.

צווייטנס, ווי עס זעט אויס, האָט שטארקמאן זיך אויסגעלערנט די מאָדערנע טעכניק פון היסטאָריאָגראַפיע, דהיינו, ער זשאַלעוועט ניט קיין ציטאטן; ער ווייזט אָן דעם דף, דעם פּסוק און די שורה; ער זוכט צו מאכן דעם איינדרוק פון אבסאָלוטער אביעקטיוויטעט, אבער ווייטער פון דער טעכניק גייט ער ניט. ביי אים קומט דערפאר ארויס „א געשיכטע פון פאַקטן, אָבער ניט דער אמת", צו געברויכן א שאַרפזיניגן אויסדרוק פון דר. יעקב שאצקי, אין א פּריוואַט גע־שפּרעך מיט דעם שרייבער פון די שורות.

געשיכט־שרייבעריי איז אַזאַ מין קונסט, ווי עס זעט אויס, וואו איינער קען שרייבן פאַקטן און פאַקטן, און קיין אנדער זאך ניט אויסער פאַקטן, מיט מראה מקומות וויפיל דאָס הארץ גלוסט, און דאָך ניט שרייבן דעם אמת. אלץ וואָס מען דארף טאָן אין אַזאַ פאַל, איז איזאָלירן די פאַקטן, אויסלאָזן מאנכע, ארויסנעמען אנדערע פון זייער נאַטירלאכע אַטמאָספערישע ראמען, און עס ווערט א געשיכטע וואָס איז אנגעפּיקעוועט מיט פאַקטן, וואָס איז אָבער ניט קיין אמת'ע געשיכטע. א גרויסער טייל פון דער אלגעמיינער געשיכטע, מיינסטנס די וואָס איז געשריבן אונטער דעם איינפלוס פון א הערשנדער דינאסטיע — און וועלכע געשיכטע איז ניט אזוי געשריבן? — איז אַזאַ געשיכטע. טיילמאָל דוכט מיר, אז אונזער תנך וואָלט אין מאנכע פּרטים געווען אנדערש, ווען די דוד המלך דינאסטיע וואָלט ניט גובר געווען און באהערשט די שאול דינאַסטיע. לכל הפּחות, וואָלט שלמה ניט געווען געשיינט אלס „דער קלינגסטער פון אלע מענטשן". די דינאַסטיע היסטאָריאָגראַפיע, שיינט מיר, האָט דאָס גורם געווען.

שטארקמאן אליין, איך בין חושד, האָט געפילט, אז עפּעס איז זיין „געשיכטע" ניט מיט אַלעמען. אז ניט וואָלט ער זיין ארטיקל ניט געווען פּארענדינט ווי ער האָט עס פּארענדיגט.

שטארקמאן שרייבט:

צום שלום וועט ניט זיין איבעריק די ווייטערדיקע באַמערקונג: פון די באטיילינגטע אין קאמף במשך יענע יאָרן האָבן בלויז די אָפּאָזיציאָנערן געשריבן זכרונות. די "לאָיאַלע" האָבן ביז היינט ניט דערציילט זייער שטנדפונקט. מיר האָבן באַנוצט די ידיעות בלויז פון איין צד. דערפאר האָבן מיר זיך אָפּגעהיט פון צו מאכן וועלכע עס איז קאָמענטארן וועגן דער גערעכטיגקייט פון דער אדער יענער גרופּע. בורגין איז ניט אַלעמאָל אין גאנצן אָביעקטיוו. די פּרעסע פון די לאָיאַלע דאַרף מען נאָך גוט דורכזיפּן, פּאַקטן און באַהויפּטונגען דארפן נאָך קאָנטראָלירט ווערן. ערשט דאמאָלט וועט מען מעגלאך זיין צו שרייבן די אמת׳ע געשיכטע פון דער אידישער ארבעטער באַוועגונג און ארבעטער פּרעסע אין אמעריקע בעת יענער תקופה.

דאָס איז אבסאָלוט אמת.

עס פרעגט זיך אָבער, פּארוואָס האָט שטארקמאַן "באַנוצט די ידיעות בלויז פון איין צד?" פּארוואָס האָט ער טאקע ניט א זיפּ געטאָן די פּרעסע פון די "לאָיאַלע?" פּארוואָס האָט ער ניט פּרובירט צו קאָנטראָלירן כאָטש א קליין ביסל "די פאקטן און באַהויפּטונגען" דאָס איז דאָך, אדער דאָס דארף דאָך זיין, די איינציגע אויפגאבע פון דעם היסטאָריקער.

די "לאָיאַלע", פּארענטפערט זיך שטארקמאן, האָבן נאָך ניט געשריבן קיין זכרונות, דאָס איז ווידער אמת. אבער צו וואָס האָט ער באַדארפט זייערע זכרונות? האָט ער דאָך געקאָנט קריגן די לעבעדיקע זכרונות כמעט אָן שום מי. יוסף שלאָסבערג, דער איצטיקער גענעראַל סעקרעטאר פון די "אמאלגאמייטעד קלאָדהינג וואָרקערס" (א יוניאָן פון אודאי 150 טויזנט מיטגלידער), וואָס איז צו יענער צייט געווען דער סעקרעטאר פון דער "פּובלישינג אסס׳ן", ד. ה. פון דער אַזויגערופענער "קליקע", און ער האָט ביי זיך אַלע פּראָטאָקאָלן און דאָקומענטן פון יענער צייט. דעם שרייבער פון די שורות האָט שטארקמאן אויך געקענט גאנץ לייכט דערגרייכן. עס האָט באַדארפט קאָסטן ניט מער ווי א טעלעפאָן־רוף פאר 5 סענט, און ער וואָלט געקענט קריגן דעם שטאַנדפּונקט פון דעם אנדערן

צד, ווי בורגין האָט דאָס טיילווייז געטאָן. פ. קראַנץ און ב. פייגנבוים זיינען אַוועק פון דער וועלט און האָבן, ווי עס זעט אויס, קיין זכרונות ניט געלאָזן. די איינציגע וואָס איך קען, חוץ די דערמאָנטע, זיינען ה. שטיינברוק*) וואָס וואוינט אין פילאַדעלפיע, און איז, שיינט מיר, אין דעם לאַגער פון די קאָמוניסטן, און ל. ב. בודין, וועמען שטאַרקמאַן האָט אויך געקענט לייכט דערגרייכן.

שטאַרקמאַן שרייבט: „בורגין איז ניט אַלעמאָל אין גאַנצן אָביעקטיוו."

דאָס איז אמת, אבער דער דאָזיגער אמת מוז שטאַרק מאָדיפיצירט ווערן.

בורגין איז אַ געבילדעטער און ערלאַכער מענש, אבער ניט קיין קעמפנדע נאַטור. ער איז אַ שטילער און געלאַסענער מענש. ווען ער האָט געשריבן זיין געשיכטע פון דער „אידישער ארבעטער באַוועגונג אין אמעריקע, ענגלאַנד, און רוסלאַנד", איז ער געווען באַשעפטיגט אַלס זשורנאַליסט אין דעם „פאָרווערטס", אונטער דער דירעקטער ווירקונג פון אב. קאַהאַן. ווער עס קען די צוויי מענשן, וועט לייכט איינזען ווי שווער עס האָט געמוזט זיין פאַר דעם ווייכן, שטילן בורגין זיך ארויסצודרייען פון דעם איינפלוס פון דעם שטאַלענעם, רעקלאַמע זוכנדיקן און אַלץ באַהערשנדיקן קאַהאַן.

דערצו טאָר מען ניט פארגעסן, אז בורגין האָט באַטראַכטן אַ פעלד וואָס איז געווען אין גאַנצן אומבאַארבעט. ער האָט ניט געהאַט קיין שום מאָדעל, קיינע פאָראַרבעטן און קיינע זכרונות. מיט די איינציגע הענט האָט ער געמוזט אליין צוזאַמענקלייבן זיין מאַטעריאַל, פיצלעכווייס, פון פארשיידענע קוואַלן. איז טאַקע ניט קיין וואונדער, ווי בורגין אליין פארענטפערט זיך און גיט אנצוהערעניש אין זיין פאָרוואָרט, וואָס ביי אַזעלכע אומשטענדן זיינען אומפאַרמיידלאַך געוויסע פעלערן:

מאַנכע טיילן פון דער ארבעט זיינען אפשר ניט פראָפּאָרציאָנעל צוזאַמענגעשטעלט; געוויסע איינצלהייטן זיינען מעגלאַך איבערגעגעבן ניט פּינקטלאַך; אייניגע פּאַסירונגען זיינען אפשר ניט ווי געהעריג באַלויכטן.

---

*) ה. שטיינברוק איז לײדער פלוצים געשטאָרבן ערשט מיט צוויי חדשים צוריק (אין מערץ 1935).

און בורגין האָפּט דאָס אַלץ „צו באַזייטיקן אויב דיזן ווערק וועט באַשערט זיין צו זען א צווייטע אויסגאבע".

ביי אַלם דעם איז מיר בורגין א סך ליבער. הלואי וואָלט שטאַרק־מאן אין גאנצן געווען נאָכגעפאָלגט בורגינען, און ניט די זכרונות פון קאַהאַנען, וואָס זיינען מער פון אַלץ פּראָפּאַגאַנדע פאַר אייגענע אומשטערבליכקייט. זיין אַרבעט וואָלט געווען מער היסטאָריש ווען ער וואָלט אַזוי געטאָן.

ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, אַרבעט איצט בורגין אויף א צווייטע, פארבעסערטע אויסגאבע פון זיין געשיכטע. ווען וועט שטאַרקמאן פאַריכטן זיינע גרייזן?

## צווייטער קאַפּיטל

# דער אָנהויב פון דער אָפּאָזיציע

לאָמיך דאָ אויף דער שנעליגקייט ברענגען עטלאכע ביישפּילן, וואָס איך מיין מיט „שרייבן פאקטן אָבער ניט דעם אמת", טאקע גענומען פון שטארקמאַנס ארטיקל גופא.

שטארקמאַן שרייבט:

„אויף יענעם צוזאַמענפאָר, דעצעמבער 31טן, 1893 און יאנואר דעם 1טן, 1894, האָט זיך אָפיציעל אָנגעהויבן דער אינעווייניגסטער קאַמף אין דער „אידישער סאָציאליסטישער באוועגונג" ארום דער „ארבעטער" צייטונג פּובלישינג אסאָ־סיאיישאַן"...

דעם ערשטן שאָס האָט אָפּגעפייערט לואי מילער. אויף יענעם פּארטיי טאָג איז ער ארויסגעטראָטן מיט דער באַשול־דיקונג, אז דער פּארוואלטונגס־ראט פון דער „ארבעטער צייטונג", וואָס צו אים האָבן געהערט די וויכטיקסטע מיטגלידער פון דער פּובלישינג אסאָסיאיישאַן, איז א „קליקע" וואָס טוט וואָס זי פארשטייט און פאָלגט ניט אויס דעם ווילן פון דער מיטגלידערשאפט."

דאָס שרייבט שטארקמאַן נאָך בורגינען, צו באווייזן די ריכטיג־קייט פון דעם, ציטירט ער בורגינען ווערטערלאך, ווי פאָלגט:

„אויפן פארטיי־טאָג זיינען די מחלוקת, וואָס האָבן ביז אהער געטליעט אין געהיים... ארויסגעטראָטן אָפן... די אָנקלאגע, געגן דעם פארוואלטונגס־ראט, האָט געפירט ל. מילער. צום ערשטן מאָל איז ער ארויסגעטראָטן מיט דער עפנטלאכער באשולדיקונג, אז דער פּארוואל־טונגס־ראט און זיינע אָנהענגער זיינען א קליקע. אלס באווייז האָט

ער געבראַכט דעם פאַקט, אַז דער פאַרוואַלטונגס־ראַט האָט זיך אַנט־זאָגט צו געבן אַ גענויען באַריכט וועגן דעם פינאַנציעלן צושטאַנד פון דער צייטונג. דער פאַרוואַלטונגס־ראַט האָט זיך פאַרענטפערט, אַז ער האָט דאָס ניט געטאָן, ווייל די פאַרעפענטלאַכונג פון אַזאַ באַ־ריכט וואָלט געשעדיגט די געשעפטן פון דער צייטונג."

עד כאן בורגין.

דאָס זיינען אַלץ פאַקטן, אמת'ע פאַקטן, אָבער ניט דער אמת. און עס איז ניט דער אמת, ווייל די פאַקטן שטייען אויף דעם קאָפּ. ווילֿ מען פון די פאַקטן מאַכן אַן אמת, מוז מען זיי איבערדרייען, מען מוז זיי אוועקשטעלן אויף די פיס. וואָס האָט שטאַרקמאַן געטאָן אוועקצושטעלן די פאַקטן ריכטיק? גאָרניט.

די זאַך איז געווען אַזוי: די „אַרבייטער צייטונג" מיט איר גאַנצן דערפאָלג, איז געווען אַ גאַנץ אָרעמע אינסטיטוציע. איר דער־פאָלג איז געווען מער אַ מאָראַלישער איידער אַ פינאַנציעלער. זי איז געווען, ווי איך האָב זיך שוין אַמאָל אויסגעדריקט, דערפאָלגרייך, אָבער ניט רייך.

דער חשבון איז אַ גאַנץ פּשוטער. איך געדענק ניט גענוי דעם טיראַזש (צירקולאַציע) פון דער „אַרבעטער צייטונג" צו יענער צייט. מער פון אַ זעקס־זיבן טויזנט האָט דאָס ניט געקאָנט זיין — די צייטונג האָט זיך פאַרקויפט אין גאַס פאַר דריי סענט. מיר האָבן געקראָגן צוויי סענט, דאָס האָט אַריינגעבראַכט צווישן 120 און 140 דאָלער אַ וואָך. פאַר אַנאָנסן איז אַריינגעקומען, לאָמיר זאָגן, 30 דאָ־לער אַ וואָך, האָבן מיר אַן הכנסה פון 170 דאָלער אַ וואָך צום העכסטן, אויב אַלע האָבן טאַקע באַצאָלט דאָלער פאַר דאָלער. וויפיל האָט געקאָנט זיין די הוצאה? איך ווייס ניט גענוי. מר. דאַשער, אַן אַל־טער שריפטזעצער פון יענע צייטן, וואָס איז נאָך היינט אַ שריפט־זעצער און אַ מיטגליד פון דער יוניאָן, האָט פאַר מיר אויסגערעכנט, אַז דאָס אויפזעצן פון דער „אַרבעטער צייטונג" צו יענער צייט, האָט באַדאַרפט קאָסטן צווישן 80 און 90 דאָלער אַ וואָך, אפשר גאָר גאַנצע הונדערט. איז געבליבן 70 אָדער 80 דאָלער אַ וואָך פאַר דער רעדאַקציע, פּאַפּיר, דרוק, עקספּעדיציע, דירה געלט, פאַרוואַלטונג, און אַנדערע הוצאות. פון דעם קען מען גלייך איינזען, אַז אפילו ביי די אָרימסטע שכירות וואָס מיר פלעגן צאָלן, האָט די חלה ניט געקלעקט אויף המוציא. האָט מען זיך כסדר געביסן די נעגל פאַר אַ

דאָלער. אין דער „קליקע" גופא האָבן מיר געהאַט אָנדערהאַלבן „גבירים", דער ערשטער איז געווען ל. ווײמאַן, וואָס האָט געהאַלטן א ציטונגס שטעלע וואָס האָט אים אַרײַנגעטראָגן צווישן 50 און 60 דאָלער א וואָך. האָט מען טאַקע אים געמאַלקן ביז צו דעם לעצטן סענט, און ווײמאַן האָט זיך געלאָזן מעלקן. דער האַלבער גביר איז געווען דער שרײַבער פון די שורות, וואָס האָט געאַרבעט אַלס האָלץ שניצער אין א מעבל פאַבריק, און האָט פאַרדינט צווישן 16-18 דאָלער א וואָך. די איבעריקע זײַנען אַלע געווען — גאָט זאָל שומר ומציל זײַן! דער טעטיקסטער צווישן אונז איז געווען אײנער לעוויצקי (לעוויט), וואָס האָט געאַרבעט אין דער עקספּעדיציע פאַר אַכט דאָלער א וואָך. דר. אָרטמאַן איז דעמאָלט געווען דער געשעפטס־פירער און בוכהאַלטער, פאַר 10 דאָלער א וואָך.*)

איז טאַקע געווען ביטער. די גאַנצע אַרבעט איז געפאַלן אויף עטלאַכע מענטשן. ווי עס איז דער סדר העולם.

דער גרויסער עולם, די „סימפּאַטיזירער", די וואָס פילן אָן די זאַלן, ווען מען מאַכט א באַנקעט, א סעודה, אָדער א באָל; די וואָס זײַנען אַלעמאָל דאָ אויפן פּלאַץ, ווען מען דאַרף ראַטעווען די מדינה, דיזעלביקע וואָס זײַנען שפּעטער געקומען צו לויפן צו דער אָפּאָזיציע — אָט די אַלע האָט מען בשום אופן ניט געקענט צוציען צו קאָנסטרוקטיווע אַרבעט. מען האָט אַפּעלירט; מען האָט געבעטן; מען האָט געוואָרנט, אַז די ציטונג וועט אונטערגײן אויב זיי וועלן ניט קומען און אונטערשטעלן א פּלײצע. ס'האָט ניט געהאָלפן. האָט די „אַרבעטער ציטונג" געהאַלטן בײַם אונטערגאַנג.

מיט אמאָל איז געשען א נס:

אין אײן שײנעם טאָג, איז אײנער פון אונז, (מיר שײנט דאָס איז געווען לעוויצקי), אָט פון דער „קליקע", געקומען מיט א נײעם פּראָיעקט. זײַן פּראָיעקט איז געווען, ניט מער און ניט װײניקער, מען זאָל זיך נעמען צו דער אַרבעט אַרויסצוגעבן א טעגלאַכע ציטונג.

מען האָט אים אָנגעקוקט ווי משוגע. וואָס הייסט א טעגלאַכע ציטונג? ווי וועט מען נעמען די מיטלען? אָבער זײַן ענטפער איז געווען, אַז דאָס איז דער אײנציקער וועג צו ראַטעווען די „אַרבעטער

*) דר. אָרטמאַן איז געשטאָרבן ערשט מיט עטלאַכע וואָכן צוריק, (אַרום אַפּריל 1935).

ציטונג" פון אונטערגאנג; די געשרייען פאר א טעגלאכער צייטונג, וועלן אויפוועקן דעם עולם פון זיין אפאטיע; דאס וועט אריינברייגגען נייעם ענטוזיאזם, נייע ארבעטער און נייע שטיצע. כך הוא! מען האט אפגעשריען די „ארבעטער צייטונג."

עס האט זיך אנגעהויבן א לעבעדיקע באוועגונג, א סך פון די אפגעשטאנענע האבן זיך אויפגעכאפט פון שלאף, דער ענטוזיאזם האט געשלאגן הויך. די „ארבעטער צייטונג" איז געווארן אויפגע־ריכט. עס האט ניט לאנג געדויערט און די טעגלאכע צייטונג, דאס „אבענד בלאט" איז ווירקלאך דערשינען, און האט געהאט א גרויסן דערפאלג. דאס איז געווען דער כח פון אן אידייע, וואס האט מתחלה אויסגעזען ווי אן אוטאפיע.

אונטער דיזאזיקע אומשטענדן, זעלבסטפארשטענדלאך, וואלט געווען ריינע משוגעת צו דערציילן עפנטלאך דעם אמת'ן צושטאנד פון די פינאנסן.

בינו לבינו, האט זיך געמאכט א סיכסוך צווישן דעם פארוואל־טונגס־ראט און לואי מילער. דער סיכסוך איז ארויסגעקומען אזוי־ערנאך: אב. קאהאן איז געווען אוועקגעפארן קיין צוריך אלס דעלע־גאט צום אינטערנאציאנאלן קאנגרעס און פייגנבוים איז געווען דער צייטווייליגער רעדאקטאר פון דער „ארבעטער צייטונג" (קראנץ האט דעמאלט שטודירט כעמיע אין שיקאגא), האט פייגנבוים פארעפנטלאכט אין דער „ארבעטער צייטונג" פון דעם 15טן סעפטעמבער, 1893, א באריכט פון די „ני פענטס מאכער יוניאן פון ברוקלין", וואס האט זיך טיילווייז געלייענט:

„באשלאסן אויפצופאדערן אין דער „ארבעטער צייטונג" דעם לאיער (אדוואקאט) מילער ער זאל דעם פראצעס געגן עקס פינאנץ סעקרעטאר, הארלוג, ניט מער פארנאכלעסיקן."

דאס איז געווען דער גרויסער חטא, און פון דעם הויבט זיך דאס אן. דאס הייסט, דאס איז דער אפיציעלער אנהויב.

מילער איז געווען מלא חמה. ער וואלט פייגנבוימען געווען א לעבעדיקן אויפגעגעסן, ווען דער פארוואלטונגס־ראט וואלט דערלאזן. אבער דער פארוואלטונגס־ראט האט געשיצט און געשטיצט פייגנבוי־מען, האלטנדיק אז די „ארבעטער צייטונג" דארף זיין אפן פאר יעדער ארבעטער יוניאן צו דערציילן אירע קריוודעס, מעג דאס זיין געגן וועמען עס איז. מען האט צו דער זעלביקער צייט געזאגט

מילערן, אז אַלץ וואָס ער קען טאָן איז, אין א בריוו צו דער צייטונג, געבן זיין צד. מילער האָט אזוי געטאָן: ער האָט צוגעשיקט א בריוו וואו ער האָט דערקלערט, אז ער האָט גענומען ביי דער יוניאָן אין גאנצן 5 דאָלער, און אז ער האָט געטאָן א סך ארבעט פאר איר, א סך מער ארבעט ווי די 5 דאָלער זיינען ווערט. וואָלט דאָס אַלץ געווען גוט און פיין, איז עס דאָך אָבער געווען ל. מילער, האָט ער אָנגעהויבן זיין בריוו בזה הלשון:

„איך וויים ניט אויב עס איז די אויפגאבע פון דער „ארבעטער צייטונג" צו דינען אלס בריוו טרעגער אין דער אָרטיגער פּארטיי אָנגעלעגנהייט. אזוי אָבער ווי דער רעדאקטאר פון די באריכטן, גענאָסע ב. פייגנבוים, האָט טאַקטפאָל באשלאָסן, אז די „ארבעטער צייטונג" מעג אין דעם קאָנקורירן מיט די פּאָסט, האָף איך, אז דער רעדאקטאר פון דער גאנצער צייטונג וועט מיר ערלויבן דורך די זעלבע „ארבעטער צייטונג" אויך אריינצושיקן מיין אנטוואָרט".

דער בריוו איז נאטירלאך אָנגעקומען צו פייגנבוימען אין די הענט. און פון אים צו דעם פארוואלטונגס־ראַט. דער פארוואַל־טונגס־ראַט האָט ניט געקענט דערלויבן אַזאַ באַליידיגונג געגן דעם וויכטיקסטן און מייסט געשעצטן מיטארבעטער פון דער צייטונג, האָבן מיר צוגעשטעלט די פאָלגנדע באמערקונג צו מילערס בריוו:

„בעטנדיק פארצייהונג פאר א פארזעהען, וואָס איז אין איילע־ניש געמאכט געוואָרן, ווילן מיר דאָ נאָר באמערקן, דאָס מיר האָבן איבערהויפּט ניט קיינע ספּעציעלע רעדאקטערע פאר באריכטן, און דאָס דער רעדאקטאר פון דער גאנצער צייטונג האָט געוויינלאך אזוי פיל צו טאָן מיט די באריכטן ווי גענאסע פייגנבוים.

די רעדאקציאָן.

דאכט זיך אומשולדיק גענוג. אָבער ניט פאר מילערן. די צייטונג פלעגט דערשיינען מיטוואָך, ארום מיטאָג צייט. מאָנ־טיק איז מילער געקומען אין דער רעדאקציע לייענען די קאָרעקטור. דערזעענדיק די באמערקונג האָט ער געמאכט א סקאנדאל, און האָט באפוילן דעם געשעפטס פירער, א. ארטמאן, זיין בריוו זאָל אריינגיין אָן שום באמערקונג.

דער געשעפטס־פירער א. אַרטמאַן, האָט שנעל באַריכטעט צו ל. ווײמאַן מילערס פאָדערונג.

ל. ווײמאַן איז געווען דער פּרעזידענט פון דער פּאַבלישינג אסאָסיאײשאַן. זײן צײטונגס געשעפט האָט פון אים געפאָדערט אויפצושטײן 4 אזײגער אין דער פרי, האָבן מיר באשלאָסן לעוויצקי זאָל פארנעמען זײן פּלאַץ מיטוואָך פארטאָג, און ווײמאַן זאָל ארונ־טערקומען באלד אין דער פרי אין דער „ארבעטער צײטונג" און זאָל שטײן ביז מען וועט שליסן די פאָרמעס און זײ אוועקשיקן אין דרוק מיט דער באמערקונג. און אזוי איז געשען. מילער איז אויך געקו־מען, אָבער ווײמאַן איז געווען א געזונטער בחור און ער האָט אים געזאָגט מיטן הארבן וואָרט, אז די באמערקונג וועט בלײבן און מילער האָט פארשטאַנען וואָס דאָס מײנט. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער אָפּאָזיציע מצד מילערן. און מילער האָט אזא זאַך קײנמאָל ניט פארגעסן. בײ אים איז געווען רעכט צו צעשטערן אלץ און אלעמען, ווען די זאכן האָבן זיך ניט פאָרמירט לויט זײן ווילן.

לואי מילער האָט געוואוסט גענוי דעם פינאַנציעלן צושטאנד פון דער „ארבעטער צײטונג", ער האָט געוואוסט פון דעם פּלאַן ארויס־צוגעבן א טעגלאכע צײטונג כדי צו ראטעווען די וועכנטלאכע צײטונג פון אונטערגאנג. ער האָט דאָס געוואוסט, און אב. קאַהאַן האָט דאָס געוואוסט, ווײל מען האָט זיך מיט זײ מישב געווען (קאַהאַן רימט זיך אַפילו, אז דער נאָמען „אבענד בלאַט" קומט פון אים). אָבער מילער האָט זיך באַדאַרפט אָפּרעכענען מיט דעם פארוואַלטונגס־ראַט, האָט ער איבערגעדרײט דעם פּעלץ, און געמאכט די באשולדיגונג ווי זי איז אויבן איבערגעגעבן.

אן אמת'ע קמצא בר קמצא געשיכטע.

## דריטער קאַפּיטל

# כאַראַקטערשטריכן פון ל. מילער און אב. קאַהאַן

אָבער דאָס אַליין קען ניט געבן קיין באַגריף פון דעם וואָס איז געשען. מען דאַרף האָבן געקענט מילערן, מען זאָל זיך קאָנען פאָר־שטעלן וואָס דאָס האָט געמיינט פאַר יענער צייט. מען דאַרף אויך האָבן געקענט די אַנדערע הויפּט אַקטיאָרן פון דער דראַמע, און נאַ־טירלאַך די סביבה אין וועלכע די דראַמע האָט זיך אָפּגעשפּילט, כדי צו קריגן אַן אמת'ן באַגריף פון דער גאַנצער זאַך.

קודם כל מילער:

מילער איז געווען פאַר אַלץ אַ טעמפּעראַמענטפולער און לײַדנ־שאַפטלאַכער כאַראַקטער פון „גאָטס גנאָדן", מיט אַ הילכנדיקע און אַנגענעמע שטימע, „מיט אַ סך פּלאַטפאָרמע היץ", ווי ווינטשעווסקי האָט אים אַמאָל כאַראַקטעריזירט. דערצו האָט ער געהאַט נאָך אַ גרויסע מעלה. ער האָט ניט געשאָסן אין רוקן. ער האָט אַלעמאָל געשלאָגן פון פאָרנט. די גרעסטע אומפאַראַנטוואָרטלאַכקייט; דעם גרעסטן „ניט געשטויגן און ניט געפלויגן" האָט ער געדונערט פון דער פּלאַטפאָרמע מיט דער גאַנצער דורדרינגלאַכקייט פון זיין רעד־נער קראַפט, און האָט דערביי ניט געטאָן קיין וואונק מיט אַן אויג.

אין די ערשטע יאָרן פון דער באַוועגונג האָט ער אויסגענוצט זיין גרויסן רעדנער טאַלאַנט אין דיסקוסיעס מיט די אַנאַרכיסטן. מילער איז געווען דער שרעק פון די אַנאַרכיסטן אין יענער צייט.

אָט איז אַ בילד:

מילער לויפט אַרום אויף דער פּלאַטפאָרמע הין און צוריק ווי אַ טיגער אין אַ שטייג. ער קאָכט און היצט זיך. זיינע רויטע בעקלאַך פלאַמען מער ווי געוויינטלאַך. פון זיין מויל שיטן זיך ציטאַטן ווי הייסע לאַווע פון אַ וואַלקאַן. ער דערמאָנט קאַרל מאַרקס און באַקונין, קראַפּאַטקין און זשול געד, דאַרווין און באָקל; ספּענסער און העגעל;

אַריסטאָטל און ספּינאָזא, אַזוי לאַנג ביז ער צעשמעטערט אויף פּיצ־לאַך זיין אָפּאָנענט. דער זאָל ווערט פאַרהילכט פון אַפּלאָדיסמענטן. מילער האָט געוואונען.

באַלד נאָכדעם קריכט אַרויס פון אַ ווינקל עפּעס אַ יונגער־מאַנטשיק, צעשראָקן אָבער ערנסט, און ער בעט דעם גענאָסע מילער ער זאָל אים אָנווייזן וואו עס געפינען זיך די אַלע פּסוקים.

מילער, וואָס האָט זיך דערוויל אָביסל אָפּגעקילט און אַרומגע־ווישט דעם שוויס, שטעלט זיך אויף און ענטפערט גאַנץ באַזאַכט: אויב מיין אָפּאָנענט וועט אייך זאָגן וואו עס שטייען געשריבן אַלע זיינע ציטאַטן, וועל איך אייך דעמאָלט אָנגעבן די ביכער מיט דעם דף וואו עס געפינען זיך מיינע ציטאַטן.

ווידער אַ פּאַטשעריי, ווידער אַ בראַוואָ. מילער האָט ווידער געוואונען.

און די ציטאַטן? מילער קען שלאָפן רואיק. עס איז ניט קיין וואונדער וואָס מילער איז געווען אַזוי פּאָפּולער. דערצו האָט ער אויך געהאַט גרויסע פאַרדינסטן, אמת׳ע פאַרדינסטן. ניט איין סטרייק פון אידישע אַרבעטער האָט ער געהאָלפן געווינען. מילער אין די ערשטע יאָרן, איז געווען אַ גוואַלדיקע קראַפט צום גוטן, ווי ער איז שפּעטער געוואָרן אַ קראַפט פון דעם ניט גוטן.

און ער האָט אַזוי געהאַנדלט ניט נאָר קעגן די אַנאַרכיסטן. זיינע אייגענע גענאָסן האָבן ניט בעסער אָפּגעשניטן ווען זיי זיינען אַריינ־געפאַלן אין זיין געוועב.

עס געדענקט זיך אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד, וואָס דער שריי־בער האָט בייגעוואוינט, וואָס וועט צום בעסטן כאַראַקטעריזירן מי־לערן, און עס וועט צו דער זעלבער צייט וואַרפן אַ ליכט אויף פייגנ־בוימען, וואָס איז געווען מייסטנס אויף אונזער צד, אַרום וועמענס פּערזאָן, עס האָט זיך אייגנטלאַך אָפּגעשפּילט די אָפּאָזיציע.

אין 1891 איז אַראַנזשירט געוואָרן אַ דעבאַטע צווישן מילערן און פייגנבוימען וועגן דער פראַגע צו איז דאָ פרייער ווילן צו ניט. די דעבאַטע איז פּאָרגעקומען אין 68 איסט בראָדוויי. איך ווייס ניט ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט וואָס דער אפּיקורס און מאַרקסיסט, פייגנבוים, האָט דווקא געוואָלט פאַרטיידיקן דעם פרייען ווילן שטאַנד־פּונקט, אָבער אַזוי איז עס געשען.

שטייט פייגנבוים אויף דער פלאטפארמע און מאכט מיט די הענט אין אלע זייטן און ווארפט זיך און דרייט זיך, ווי עס איז געוועזן זיין שטייגער, און ציטירט פסוקים פון דער תורה, און ווייזט אן אויף ערטער אין תלמוד, אלץ מיט דעם צוועק צו באווייזן, אז עס איז דא פרייער ווילן.

מילער האט זייער ווייניק געקאנט די קליינע אותיות, אבער דאס האט אים ניט איבערגעשראקן. ווען פייגנבוים איז פארטיק געווארן מיט זיין רעדע, שטעלט זיך אויף מילער און זאגט גאנץ שטיל: אויב גענאסע פייגנבוים וועט רעדן פינף מינוט ניט ווארפנדיק מיט די הענט, וועל איך מודה זיין, אז עס איז דא פרייער ווילן. שטעלט זיך אויף פייגנבוים, ציט זיך אויס ווי א דראנג, לאזט ארונטער ביידע הענט, און הויבט אן צו רעדן. ווי לאנג, מיינט איר האט דאס אנגע־האלטן? אפילו ניט קיין צוויי מינוט. פייגנבוים האט באלד אנגע־הויבן ווארפן מיט די הענט, און דער עולם האט אויסגעשאסן מיט א געלעכטער, אז דער זאל איז שיר ניט פארהילכט געווארן. מילער האט געוואונען.

זייט דאמאלט האט פייגנבוים אויסגעמידן מילערן.

איך וואלט געקענט אנגיין און דערציילן פילע אזעלכע אנעק־דאטן פון מילערן, אבער איך שרייב דא ניט מילערס ביאגראפיע. איך וויל נאר געבן עטלאכע שטריכן פון זיין כאראקטער, כדי צו געבן א באגריף פון דעם מענטשן מיט וועמען מיר האבן געהאט צו טאן. צוליב דעם וועל איך דערציילן נאך איין קלייניקייט:

מארים ראזענפעלד פלעגט זייער אפט און זייער שארף באפאלן מילערן, און מילער איז קיין ענטפער ניט שולדיק געבליבן, אויף דעם קען מען זיך פארלאזן.

אין דעם יאר 1907 איז מילער אלס רעדאקטאר און הויפט אייגנ־טימער פון דער „ווארהייט" געזעסן, ווי מען זאגט אויף ענגליש, אויף דעם סאמע אויבנאן פון דער וועלט. ער האט געשיינט מיט זיין רייכ־טום און מיט זיין פאליטישער מאכט. צו יענער צייט איז ארויס א קלאנג, אז מארים ראזנפעלד ווערט בלינד, האב איך מיט נאך עטלאכע פריינט געוואלט צוזאמענקלייבן א פאנד צו העלפן ראזענפעלדן. האט מען באדארפט האבן די צייטונגען זאלן העלפן. ווי אזוי קריגט מען מילערן? האט מען מיר איבערגעגעבן די שליחות. וואס האב איך געקאנט טאן? האב איך אנגעקלונגען מילערן אויפן טעלעפאן, און

אים געבעטן ער זאָל זיך מיט מיר טרעפן צו לאָנטש, אין א רעס־טאָראנט. מילער האָט אָנגענומען די איינלאַדונג און איז געקומען אין צייט. דער סוף פון אונזער געשפרעך איז געווען, אז מילער האָט מיר פאַרשפּראָכן צו פאַרעפנטלאַכן אַלץ וואָס איך וועל אים צושטעלן וועגן דעם ענין, אליין אבער וועט ער גאָר ניט שרייבן. האָב איך גענומען איינטענה׳ן מיט אים, אז איצט איז ניט די צייט זיך אָפּצו־רעכענען, און ער דאַרף פאַרגעסן וואָס ראָזנפעלד האָט אויף אים געזאָגט א. א. וו.

„מיין פרוינט" (אזוי האָט מילער ארויסגערעדט דאָס וואָרט, פריינט), האָט ער געזאָגט, „וואָס ראָזנפעלד האָט אויף מיר געזאָגט— האָב איך שוין לאַנג פאַרגעסן; איך קען אָבער ניט פאַרגעסן וואָס איך האָב אויף אים געזאָגט. ניין! דאָס בעסטע וואָס איך קען אצינד טאָן פאַר ראָזנפעלדן איז גאָר ניט צו שרייבן, און אזוי איז געבליבן. ער האָט ניט געשריבן אבער אונזער קאָמיטע האָט ער געגעבן פּלאַץ.

* * *

דער צווייטער הויפּט געגנער איז געווען אב. קאהאן. קאהאנען איז שווער צו באשרייבן. קאהאן איז ניט אזוי אויסגעהאקט ווי מילער איז געווען. קאהאן איז מער צעשוואומען. איך וועל דערפאַר ארויס־כאַפּן דעם איינאיינציקן שטריך קאהאנס וואָס איז מער בולט ווי אַלע אנדערע, און וואָס איז אייגנטלאַך די הויפּט ספּרוזשינע פון אַלע זיינע האנדלונגען.

יעדער איינער וואָס קען קאהאנען ווייסט, אז זיין גרעסטע ליידנ־שאַפט, אפשר זיין איינציקע ליידנשאַפט, איז א דורשט פאַר פּובליסיטי (רעקלאַמע) וואָס ווערט קיינמאָל ניט איינגעשטילט. זיין גאַנצער דערפאָלג איז א רעקלאַמע דערפאָלג. זיין גרויסער אויפטו, דער „פאָר־ווערטס" — איז ניט מער ווי א רעקלאַמע קונצשטיק, וואָס איז פּראַק־טיצירט געוואָרן לויט די פאָלקאָמענסטע טעכניק פון דעם פּאטענט־מעדיצין אדווערטייזער. אפילו היינט, צו 74 יאָר, ווען ער וואָלט שוין באַדאַרפט זיין איבערזעטיגט מיט פּאָפּולאַריטעט, כבוד און גדולה — אפילו היינט גייט זעלטן פאַרביי א חודש זיין פאָטאָגראַפיע זאָל ניט דערשיינען עטלאַכע מאָל אין דעם „פאָרווערטס", צוליב דעם אָדער יענעם אויסרייד. דער קוואַל פון אויסריידן שעפּט זיך גאָר ניט אויס. א פּאָגראָם אויף אידן, א פּראָטעסט דעמאָנסטראַציע, א יובי־

ליי, גלאַט עפּעס א מיטינג, א גאַסט פון פוילן, א משולח פון ערגעץ־ניט — על כל צרה שלא תבוא — אלץ דינט פאר אן אויסרייד אריינצושטעלן קאהאנס „פיקטשור" אין דעם „פאָרווערטס". און ווייל רעקלאַמע איז זיין שטאַרקסטע שוואַכקייט, איז דערפאר, פון דער צווייטער זייט, דאָס פארשווייגן א געגנער די גרעסטע שטראָף וואָס זיין קאָדעקס קען. אויב איינער איז א געגנער פון קאהאנען, קען ער זיין זיכער, אז זיין נאָמען וועט ניט דערמאָנט ווערן אין „פאָרווערטס" ווען ער זאָל אפילו אנטדעקן א צווייטע אמעריקע. דאָס בעסטע וואָס מען וועט פאר אים טאָן איז וואָס מען וועט אים כולל זיין אין דער פראַזע „און אנדערע", למשל: „ביי דער קאָנפערענץ זיינען געווען אנוועזנד, אב. קאהאן, אלבערט איינשטיין, פרעזידענט רוזוועלט און אנדערע." דער „פאָרווערטס" איז מער ווי איינמאָל אריינגעקומען אין א לעכערלאכער סיטואַציע צוליב אָט דער קינדערשער פּאָליטיק.

אין די יאָרן 1927־1930 פלעג איך זיך אָפט טרעפן מיט קאַהאנען צו לאָנטש אין דער „קיבעצארניע". מיר פלעגן אָפט זיצן זאַלבעדריט. אב. קאַהאַן, אונזער ביידנס פריינט יוסף עראַן, דער באַוואוסטער לערער און אייגנטימער פון דער „עראַן פארברייטונגס שול" (א מין פריוואַטע פּראָגימנאַזיום) און איך. א טייל פון אונזערע געשפּרעכן האָב איך באַארבעט אין מיינע „דיאַלאָגן", וואָס זיינען דערשינען אין דער „פרייע ארבעטער שטימע" 1930־1931 אונטער דעם נאָמען „געמיטלאכע געשפּרעכן פון דר. מעם."

איינמאָל מאכט קאהאן צו מיר: „איר קאָנט דאָך שלום אַשן?"

אודאי, האָב איך געענטפערט.

איר ווייסט, אז ער איז א גרויסער קינסטלער?

בין איך מסכים.

אָט אויף וויפיל ער איז א קינסטלער אלס שריפטשטעלער, איז ער א טויזנט מאָל גרעסערער קינסטלער אלס רעקלאַמע מאכער פאר זיך, זאָגט ווייטער קאַהאַן.

אויב איר ווייסט דאָס, פרעג איך אים, פון וואַנען קומט וואָס איר האָט אים אזוי שטארק צוגעהאָלפן אין דער רעקלאַמע מאכעריי?

ווייל איך בין א גרעסערער קינסטלער פון אים. האָט קאהאן געענטפערט מיט א שמייכל. זיין רעקלאַמע האָט געהאָלפן מיר אין מיין רעקלאַמע.

דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר קאהאַנען. ער וועט העלפן יעדן איינעם צו מאַכן רעקלאַמע, אויב דאָס העלפט זיין אייגענע פּאָפּו־לאַריטעט, און ער וועט טויטשווייגן, אָדער עפנטלאַך פאַרפאָלגן יעדן איינעם וועמעס פּאָפּולאַריטעט, ער דענקט וועט אים שטעלן אַביסל אין שאָטן. קאַהאַנס לייַדנשאַפט צו רעקלאַמע ווערט באַגלייט, ווי עס איז זייער נאַטירלאַך, פון אַ קרענקסאַכע איפּערזוכט צו יעדן איי־נעם, וואָס האָט ליטעראַרישע פעיִגקייטן אָדער אַמביציעס זיך צו באַטייליגן אין עפנטלאַכן לעבן. שלאָגט ער זיך אָבער אָן אָן אַ ווירקלאַך גרויסע קראַפט, ווי יעקב גאָרדין אָדער שלום אַש, איז פריער צערייסט ער זיך שיער ניט לויבנדיק, שרייענדיק העכער פון אַלעמען, אַזוי לאַנג ביז ער הויבט אָן מורא צו קריגן, אַז יענער טאַלאַנט וועט שאָדן טוען זיין פּאָפּולאַריטעט. דעמאָלט הויבט זיך אָן אַ ריקצוג, און פאַרפאָלגונג. אַזוי האָט ער געטאָן מיט יעקב גאָרדין, אַזוי האָט ער געטאָן מיט אַ סך אַנדערע.*)

פון דער דאָזיקער כאַראַקטעריסטיק קאהאַנס, האָט אין אָנהויב זייער פיל געליטן די אַנטוויקלונג פון דעם אידישן סאָציאַליזם אין אַמעריקע, און עס ליידט ביז אויף היינטיקן טאָג די פאַרשפּרייטונג, און די אַנטוויקלונג פון דער אידישער קולטור אין אַמעריקע. צו יענער צייט פון וועלכער מיר ריידן, איז דער גרעסטער חלק ליידן אויסגעפאַלן אויף דעם גורל פון ב. פייגנבוים.

פייגנבוים איז אויסגעשריבן געוואָרן פון לאַנדאָן אין דעם יאָר 1891, פּונקט ווי פריער קראַנץ, צו ווערן אַ מיטאַרבעטער אין דער אַרבעטער צייטונג. ער איז געקומען אהער מיט גאָר אַ שיינע רעפּו־טאַציע. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער רעדנער, און אַ טיכטיקער דענקער. הויפּטזעכלאַך האָט ער אויסגענומען מיט זיין למדנישן שטייגער.

אין אָנהויב איז קאהאַן געווען שטאַרק באַגייסטערט פאַר אים. אויף אַזאַ באַגייסטערונג איז קאהאַן געווען פעיִק, און זי איז געווען אַן אויפריכטיקע ווי לאַנג זי האָט געדויערט. אָבער זי האָט ניט לאַנג

*) אַזוי איז ער אין אָנהויב געווען שטאַרק באַגייסטערט פון מיר, בעת שפּעטער, אין צייט פון דעם קאַמף, האָט ער אַלעמען געזאָגט אין דער שטיל, אַז איך זוך צו ווערן רעדאַקטאָר פון דער „אַרבעטער צייטונג", אַ זאַך וואָס גאָר מיר קיינמאָל ניט איינגעפאַלן. דאָס איז געווען קאהאַנס הויבט מעטאָדע: אַריינרוימען אַ סוד ש־ש־ש, דערציילט ניט קיינעם.

אַנגעהאַלטן. באַלד איז געקומען די אייפערזוכט און דער חשד, אַז דאָ איז געקומען אַ מאַן, וואָס וועט פאַרנעמען זיין אָרט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אומאויפהערלאַכע פאַרפאָלגונג.

פאַר מילערן האָט קאהאַן ניט קיין מורא געהאַט. ער פלעגט אים רופן „דער זשוליק”. קראַנצן האָט ער ניט ליב געהאַט, אָבער דער שטילער און באַזאַכטער קראַנץ איז געשטאַנען ווי אַ דעמב איבער אים, וועמען ער האָט צו יענער צייט אפילו ניט געחלומט צו קענען דערגרייכן, און אודאי ניט רירן פון אָרט. איז די גאַנצע קראַפט פון זיין רעקלאַמע ליידנשאַפט, און אייפערזוכט, געפאַלן אויף דעם נאָקן פון דעם אומשולדיקן און ערלאַכן פיינגנבוים.

און וואָס האָט ער אים ניט געטאָן? ער פלעגט אויסשטרייכן פיינגנבוימס נאָמען פון זיינע אַרטיקלען, און דערנאָך אליין האַלטן רעדעס אין דער פראָווינץ וואו עס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן דער אינהאַלט און די אַרגומענטאַציע פון יענע אַרטיקלען. עס פלעגן קומען בריוו אין רעדאַקציע, וואו מען האָט געלויבט דעם גענאָסן קאהאַן פאַר אַזאַ און אַזא לעקציע, און וואָס איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין דעם אָדער יענעם אַרטיקל אין דער „אַרבעטער צייטונג”. די דאָזיקע בריוו זיינען אָנגעקומען צו פיינגנבוימען. עס איז אים געגאַנגען אין לעבן, און ער האָט די בריוו געבראַכט צו דעם פאַרוואַלטונגס־ראַט, אַלס באַ־ווייז ווי ער ווערט אונטערדריקט. אַזעלכע פאַלן זיינען געווען אָן אַ שיעור.

דאָס אינטערעסאַנטסטע פון אונזערע באַווייזן קעגן קאהאַנען איז געווען אַ געדרוקטע קאָרעספּאָנדענציע וואָס איז דערשינען אין דער „אַרבעטער צייטונג” פון סעפּטעמבער 22, 1893, געשריבן פון איינעם מענדל שייער פון לאָנדאָן. (מענדל שייער איז געווען מיינער אַ פריינד נאָך פון דער היים.)

אין דעם יאָר 1893, איז קאהאַן געווען אַ דעלעגאַט צום צוריכער אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס. פון צוריך איז ער געפאָרן קיין לאָנדאָן. מענדל שייער, היינט אַ באַקאַנטער ציוניסט, איז דעמאָלט געווען טעטיק אַלס רעדנער אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין לאָנדאָן. ווען שייער האָט זיך באַקאַנט מיט אב. קאהאַן איז ער געווען שטאַרק באַגייסטערט פון זיינע רעדעס און פון זיין גאַנצער פערזענלאַכקייט. האָט מענדל שייער אָנגעשריבן אַ קאָרעספּאָנדענציע פאַר דער „אַר־בעטער צייטונג” פול מיט שבחים און לויב־געזאַנג צו קאהאַנען. עס

האָט זיך אזוי געמאכט, אז קאהאן איז געקומען אהיים פריער פון דער קאָרעספּאָנדענציע. איז דאָס ארטיקל ממילא ארייננעקומען צו אים אין דער האנט. אָבער קאהאנען האָבן די שבחים ניט באפרידיגט עס איז ניט געווען הויך גענוג. נו, וואָס איז דאָ צו רעדן? האָט ער זיך אוועקגעזעצט און מיט דער אייגענער האַנט צורעכט געמאכט דעם בריוו.

דער דאמאָלסדיקער פאָרמאַן פון די זעצער ה. ראָזענסאן, וואָס איז אגב געשטאנען מיט דער „קליקע", האָט אונז איבערגעגעבן דעם כתב יד פון דעם בריוו מיט קאהאנס „אויסבעסערונגען".

פערטער קאַפּיטל

# דער פאַרוואַלטונגס ראַט און מ. זאַמעטקין

דער פאַרוואַלטונגס־ראַט פון דער ארבעטער צייטונג איז באַשטאַנען, ווי מיר שיינט, פון 7 מיטגלידער, וואָס זיינען געוואָרן אויסגעוויילט פון יאָר צו יאָר פאַר אַ גאַנץ יאָר. עס איז אַזוי אַרום ניט געווען קיין באַשטענדיקע קערפּערשאַפט, וואָס האָט זיך גערופן דער „פאַרוואַלטונגס ראַט". עס איז געווען אַ פּערסאָנאַל וואָס האָט זיך געביטן אין זיין צוזאַמענשטעל. אָבער ניט געקוקט אויף דעם, איז דאָך געווען אַ באַשטימטע צאָל מענטשן, וואָס זיינען אַלעמאָל געשטאַנען אַרום דער באַוועגונג און האָבן אָפּגעגעבן זייער גאַנצע פרייע צייט צו דער דאָזיקער ארבעט, נאַטירלאַך, אומבאַצאָלט. צו יענער צייט איז געווען אַ חרפּה צו דערוואַרטן באַצאָלט פון דער באַוועגונג, אויסער ווען איינער איז געווען אַ רעדנער אָדער אַ שרייבער, און אויך די האָבן באַקומען, ווי מען זאָגט, וואָסער אויף קאַשע. מען קען דערפאַר צורעכענען צו דעם „פאַרוואַלטנוגס ראַט" אויך אַן אַנדער צאָל מענטשן, וואָס זיינען ניט געווען אויסגעוויילט.

איך האָב ניט ביי זיך קיין שום פּראָטאָקאָלן, אָדער וועלכע עס איז אַנדערע דאָקומענטן צו דער האַנט וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון דעם פאַרוואַלטונגס ראַט צו יענער צייט. לויט בורגינס געשיכטע איז דער פאַוועלטונגס ראַט דעמאָלט באַשטאַנען „פון: יעקב מילך, דעם פאַרשטאָרבענעם לעוויצקי (לעוויט), סמאָליאַנסקי, די ברידער ווייזמאַן און פּרוסלין" (בורגין 374).

צו דער ליסטע דאַרף מען צושטעלן מ. פּין, די ברידער האַרקאַווי, דר. אַרטמאַן, דר. י. מינץ, ט. ניימאַרק, ה. שטיינברוק און נאָך עטלאַכע וואָס זייערע נעמען איך קען זיך איצט ניט דערמאָנען. פריער איז געווען צווישן אונז אַ שריפטזעצער ל. ליבערמאַן, אַ זון פון דעם באַרימטן אהרן ליבערמאַן, אויף וויפיל עס איז מיר

באקאנט (ער איז געשטאָרבן יונג אין א סאנאטאָריום). שפּעטער זיינען צוגעקומען יוסף שלאָסבערג, דר. אב. קאספּע, ל. ב. בודין, דר. יוליוס האלפּערן און א סך אנדערע.

צו געבן דעם היינטיקן לייענער אַ באגריף פון יענער טעטי־קייט פון דער גרופּע, וועל איך זיך אָפּשטעלן ביי דעם יאָר 1893.

דאָס יאָר 1893 איז אין אַמעריקע געווען אַ קריזיס יאָר. יענער קריזיס האָט ניט געדויערט אַזוי לאַנג ווי דער היינטיקער, אין שאַרפקייט אבער, אין די ליידן וואָס ער האָט מיט זיך געבראכט, איז ער ניט אָפּגעשטאַנען פון דעם היינטיקן קריזס. צום שטאַרקסטן האָט דער קריזיס אָנגעגריפן די אידישע מאַסן. עס איז געווען ערשט 10 אָדער 12 יאָר זינט די גרויסע אימיגראציע האָט זיך אָנ־געהויבן. עס זיינען געווען פאַרהעלטניסמעסיק ווייניגע וואָס האָבן זיך געהאַט איינגעבירגערט; די עקספּלואַטאַציע פון די פּאַראָרעמטע אידישע מאַסן איז געווען אום׳ברחמנות׳דיק; די אידישע ארבעטער אָרגאַניזאַציעס זיינען נאָך געווען שוואך; די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן האָבן געהאַט עקזיסטירט אין גאַנצן אַ פינף יאָר; די פאַרדינסטן אויף דעם בעסטן אופן זיינען געווען קליין, און דאָ איז געקומען דער קריזיס. דער אידישער אַרבעטער און זיין יוניאָן זיינען גאָרניט געווען צוגעגרייט צו באַגעגענען אַזאַ גאַסט ווי עס איז געווען דער קריזיס.

דער פּאַרוואַלטונגס־ראַט, צוזאמען מיט אב. קאהאן און ב. פּיי־גנבוים זיינען דעמאָלט צוגעשטאַנען צו מיר, איך זאָל איבערנעמען די סעקרעטאַרשאַפט פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטן. איך האָב זיך געשראָקן פאַר דעם אַמט. איך בין דעמאָלט געהאַט געווען אין לאַנד ווייניקער ווי צוויי יאָר; מיין ענגליש איז געווען באַשרענקט. די יוניאָנס האָבן כמעט ניט עקזיסטירט; קיין ארבעט איז ניט געווען צו געפינען, און דער הונגער איז געווען גרויס. האָב איך זיך גע־שראָקן פאַר אַזאַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. צו דעם איז צו־געקומען אַ ריין פּערזענלעכע אנגעלעגנהייט. איך האָב גראָד געהאַט ארבעט אַלס שניצער אין אַ מעבל פאַבריק, און האָב פאַרדינט 17 דאָלער מיט 28 סענט אַ וואָך. (די שניצער האָבן שוין דעמאָלט גע־ארבעט 48 שעה אַ וואָך. מיין פאַרדינסט איז געווען 36 סענט אַ שעה, (וואָס איז דעמאָלט געווען כמעט אַן אומדערהערטע גרויסע סומע). דאָס געצאָלט איז געקומען רעגלמעסיק יעדן מאָנטאַג פאַר

דער וואָך וואָס האָט זיך געענדיגט דעם פריערדיקן שבת. די גע־ווערקשאַפטן, פאַרקערט, האָבן געצאָלט 10 דאָלער א וואָך. געצאָלט אָבער ניט באַצאָלט, ווי ווינטשעווסקי האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט. דאָס געהאַלט איז געקומען ווען גאָט האָט געגעבן, אמאָל גאַר ניט. האָב איך צו זאָגן דעם אמת, זיך אַביסל געקווינקלט. אבער דאָס האָט מיר ניט געהאָלפן און איך האָב געמוזט איינשטימען. מיר האָבן דאַמאָלט ניט געהאַט קיין צייט צו דענקען וועגן זיך.

מיין אַמט אַלס סעקרעטאר האָב איך איבערגענומען דעם 7טן יולי, 1893. דעמזעלביקן אָוונט איז אב' קאַהאַן געקומען צו די געווערקשאַפטן און האָט געהאַלטן א געזעגונגס רעדע פאַר זיין אָפּ־פאָרן צו דעם צוריכער קאָנגרעס. דער אָוונט איז געווען א פייער־לעכער. מיט זעקס וואָכן שפּעטער, דעם 19טן אוגוסט, אויף א ספּע־ציעלע פאַרזאַמלונג, איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס „צו ווילן אַן אונטערשטיצונגס קאָמיטעט פון 10 מאַן. דיזע קאָמיטע זאָל זעען צו שאַפן אונטערשטיצונג און פאַרטיילן צווישן די נויטליידנדע אַרבעטער", אונטער מיין אָנפירונג. די שטיצע האָט באַדאַרפט גע־שיקט ווערן אויף דעם אדרעס פון:

Jacob Milch c/o Arbeiter Zeitung
91 Delancey St., New York, N. Y.

די ערשטע אָנרעגונג צו דער אַרבעט איז געקומען פון א דרווי־סענדיקן קאָמיטעט, וואָס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון ל. מילער, דאָקטאָר לעווינסאָן, פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, (ער איז שפּעטער געוואָרן פּראָפעסאָר ערגעץ אין בולגאַריע, גלויב איך) און, מיר שיינט, אַלעניקאָוו, וואָס איז מיט יאָרן פריער געווען דער פירער פון דעם „עם עולם".

דער ערשטער אויפרוף פאַר שטיצע איז געשריבן געוואָרן פון ב. פייגענבוים, און ער איז געווען אַזוי טאַקטלאָז צוזאַמענגעשטעלט, פון א סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט, אַז מיר האָבן געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. ביים סוף, אין מיין לעצטן באַריכט פון דער גאַנצער טעטיגקייט, האָב איך דערפאַר געזוכט אָפּצושוואַכן און צו פאַרגלעטן די טאַקטלאָזיגקייטן פון דעם ערשטן אויפרוף.

עס איז איצט ניט מיין אויפגאַבע, און ניט דאָ איז דער אָרט, צו באַשרייבן יענע טעטיגקייט מיינע. דער וואָס אינטערעסירט זיך

מיט דעם עפּיזאָד וועט דאָס געפינען באַשריבן אין די „ניו יאָרקער טעגלעכער ענגלישער פּרעסע" פון יענער צייט, און אויך אין דער „ארבעטער צייטונג".

און דאָס איז ניט געווען די איינציקע ארבעט פון מיר און די איבעריקע פון דער „קליקע". אין דער „ארבעטער צייטונג" פון יולי, דעם 28טן 1893, געפין איך אינם באריכט פון „די פאראייניגטע אי־דישע געווערקשאפטן" דעם פאָלגנדן זאַץ: דעלעגאט, ל. ווײמאַן, וועלכער איז געווען אלס סטרייק־פירער פון ווינדזאר טעאטער, און האָט געזאָלט ערהאלטן 10 דאָלער א וואָך, האָט דאָס געלט צוריק־געגעבן צו גונסטן פון די געווערקשאפטן מיט דער ערקלערונג, אז ער האָט פון וואָס צו לעבן, און ווען ער ארבעט פאר די געווערקשאפטן, טוט ער דאָס אויס פּרינציפּ".

אין אן אנדער באריכט געפין איך דעם פאָלגנדיקן פּאַראַגראַף:

> די אינטערנאַציאָנאלע קלאָוקמאכער יוניאָן באריכטעט, אז זי האָט געהאַט אַ מאַסענפאַרזאַמלונג. עס האָבן זיך אָבער דאָרט אריינגעכאַפּט איינינע פון די פּסולת פון די אר־בעטער־באַוועגונג און האָבן אָנגעמאכט שטערונגען. עס איז אָבער די אָרגאַניזאַציאָנס פארניכטער ניט געלונגען די פאר־זאַמלונג צו שטערן, און די אינטערנאַציאָנאלע קלאָוקמאכער יוניאָן האָט א גרויסן ערפאָלג צו פארצייכענען. זיי האָבן אויך אנטייל גענומען אין א קאָנפערענץ פון פארשידענע פּאָרט־געשריטענע שניידער יוניאָנס מיט דעם צוועק צו גרינדן אן אינטערנאַציאָנאלן שניידער פארבאנד. פאָלגנדע באאמטע זיי־נען ערוויילט: אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, מילך, ווײמאַן, קופּער, דאבריש, פּידעלמאַן, לעוויצקי און צודעק. אלס טשערמאַן (פּאָרזיצער) פון אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע דעלעגאט מילך. צום דזשענעראל עקזעקוטיוו באָארד פון די סענטראל לייבאָר פעדע־ריישאַן, מילך, קופּער און האָכבערג".

און אויך דאָס איז ניט געווען די גאַנצע ארבעט פון דער „קליקע", וואָס איז באַשטאַנען פון אומגעפער 15 מענטשן. מיר האָבן אויך אָנגעפירט מיט דעם לייבאָר לייסעאום, און מיט דעם רעסטאָראַן וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן.

מיט דעם צוועק צו געבן פאַרשידענע אַרבעטער אָרגאַני־
זאַציאָנען פון אידישן קוואַרטאַל אַן אייגענע היים. אין ליבאָר
ליסעאום זיינען געווען זאַלן פאַר מיטינגען און פאַרזאַמלונגען.
אויך א קאַפע צימער (א רעסטאָראַן), וואו אַרבעטער (און
אינטעליגענטן י. מ.) האָבן ביי א גלעזל טיי אָדער א טאַס
קאָפע געקענט פאַרברייגען זייער צייט אין א געשפּרעך. דאָרטן
איז אַרויסגעגעבן געוואָרן די „אַרבעטער צייטונג" (און די
„צוקונפט", און דאָס „אבענד בלאַט". י. מ.). אויך איז דאָרטן
געווען די קאַנטאָר (אָפיס) פון דער אידישער סעקציאָן, פון
דער אַרבעטער צייטונג" פּוב. אסס'ן, פון די פאַראייניגטע
אידישע געווערקשאַפטן א. ז. וו. אין דער צייט פון קריזיס
פון 1893 איז דאָרטן פאַרטיילט געוואָרן שפּייז פאַר אַרבעטס־
לאָזע". (ה. בורגין — די געשיכטע פון דער אידישער אַרבע־
טער באַוועגונג — זייט 373).

דיזעלביגע מענטשן זיינען אויך געווען די פאַרוואַלטער פון דער
„צוקונפט", הגם צו דעם אַמט זיינען זיי דערוויילט געוואָרן פון א
גאַנץ אַנדערע אָרגאַניזאַציע, די אידישע סעקציע פון דער סאָציאַ־
ליסטישער פאַרטיי.

בורגין שרייבט אין זיין „געשיכטע פון דער אידישער אַרבייטער
באַוועגונג" (זייט 375), אַז מילער האָט געהאַט פּערזענלעכע קריוור־
דעס. וועגן קאַהאַנען שרייבט ער ניט פון פּערזענלעכע קריוודעס.
ער זאָגט נאָר: „די באַציאונג צווישן קאַהאַנען אלס רעדאַקטאָר
פון דער „אַרבייטער צייטונג" מיט דער „אַרבייטער צייטונג פּובלי־
שינג אַסאָסיאיישאַן" זיינען שוין א צייט פריער ניט געווען אַם
בעסטן". (זייט 378).

אויף וויפיל דאָס איז ריכטיג, וועט דער לעזער שפּעטער אליין
אויסגעפינען. איך וועל דערפאַר דאָ נאָר זאָגן: אַז דער קאַמף מצד
קאַהאַנען געגן דעם פאַרוואַלטונגס־ראַט איז געפירט געוואָרן אויף
דער ליניע פון דער אַזוינערופענער אינטעליגענציע קעגן די פּראָסטע
באַלמעלאָכעס.

עס איז געווען א מיניאַטור קאַמף פון אינטעלעקטואַלן און אַר־
בעטער, ווי עס פירט זיך ביי ליטן. ניט מער, דאָ זיינען עס געווען
די אַזוינערופענע אינטעליגענטן, וואָס האָבן אויפגעהויבן דעם קאַמף.

לואי מילער האָט דעם פּאַרוואַלטונגס־ראַט אָנגערופן א „קליקע". אַב. קאַהאַן האָט זיי גערופן „בעזגראַמאָטנע סוואָלאָטש". דער פאַרוואַל־טונגס־ראַט ווידער האָט געענטפערט מיט דעם, וואָס ער האָט זיי גערופן די „גראַמאָטנע", לגנאי. און אין דעם האָט געשטעקט א סך מער איראָניע.

ווען מען קוקט זיך היינט צו — איבער פערציק יאָר נאָך די געשעעניש — צו יענע „גראַמאָטנע" אין דעם ליכט פון זייערע פּאַרטיקע קולטורעלע שאַפונגען, און זייער אייגענע אינטואַלעקטועלע דערגרייכונגען, מוז מען ניט ווילנדיק טאָן א שמייכל וועגן די פּרעטענ־זיעס אויף אינטואַלעקטואַליטעט פון יענע „גראַמאָטנע", ניט גע־קוקט אויף דעם, וואָס מאנכע פון זיי האָבן פאַרשריבן א וועלט מיט פּאַפּיר. אין איין הינזיכט, אמת, האָבן זיי אַלע גרויסע פאַרדינסטן. מיט דעם וואָס זיי זיינען געווען די ערשטע וואָס האָבן דורך וואָרט און שריפט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די אידישע באַלמעלאָכעס, האָבן זיי געהאָלפן עפענען א ניי קאַפּיטל אין דעם אידישן לעבן, ניין, אין דער אידישער געשיכטע.

אצינד קומען מיר צו מ. זאמעטקין.*)

איך האָב זיך שטאַרק געשלאָגן מיט דער דעה צו איך זאָל ברייננ־גען אויף פּאַפּיר דעם פאָלגענדן עפּיזאָד וועגן זאמעטקינען. דער גאַנצער ענין זעט מיר אוים צו טריוויאַל. אָבער אַזוי ווי איך זוך דאָ הויפּטזעכלאך, און אויף וויפיל מעגלאך, צוריקצופירן דעם לייענער אין דער אַטמאָספערע פון דער אָפּאָזיציע, איז אפשר כדאי אויך דאָס צו באַשרייבן. ווי זאָגט דאָרט דאָס אַלטע רוסישע שפּריכוואָרט? „ווערטער פון א געזאַנג וואַרפט מען ניט אַרוים".

איך געדענק ניט גענוי ווען דאָס איז געשען, פאַר דעם קריזיס צו נאָך דעם קריזיס. די גאַנצע באַוועגונג האָט שטאַרק פּראָגרע־סירט, ווי מיר האָבן דעמאָלט געמיינט, א חוץ איין אַבטיילונג. עס זיינען ניט צוגעקומען קיין אינטעליגענטע כחות. עס האָבן איבער־

*) מ. זאמעטקין, ווי די לייענער ווייסן אַוודע, איז ניט לאַנג צוריק גע־שטאָרבן, און עס איז אַן אמת'ער האַרצווייטאָג צו באַטראַכטן ווי אַזוי ער איז נאָך זיין טויט באַהאַנדלט געוואָרן. ער האָט פאַרדינט א שענערע לויה ווי ער האָט געהאַט. ווי שנעל מען ווערט דאָס ביי אונז פאַרגעס־

הויפּט געפעלט רעדנער. האָבן מיר, דיזעלביקע עטלאכע מענטשן, באַשלאָסן צו ברענגען זאַמעטקינען פון פילאַדעלפיע, וואו ער האָט דעמאָלט געוואוינט, קיין ניו־יאָרק.

זאַמעטקין איז געווען זייער א פּאָפּולערער אָראַטאָר. ער איז געווען א מענטש פון גרויסער באַגייסטערונג, ער האָט געקענט מיט־רייסן גרויסע מאַסן מיט זיך. וואָס דער מדרש און תלמוד איז גע־ווען פאַר פייגענבוימען, איז טשערנישעווסקי און פּיסאַרעוו געווען פאַר זאַמעטקינען. ער איז בלי ספק געווען, און איז פאַר־בליבן ביז היינט, ווי איך גלויב, דער ערליכסטער, דער פּרינציפּיעלס־טער, און דער אומאייגננוציגסטער צווישן אלע סאָציאַליסטן. איך וויל דאָס אויסדריקלאַך אונטערשטרייכן. אָבער אויך אין זיין געג־נערשאַפט צו דעם פאַרוואַלטונגס־ראַט האָט געקלונגען א פּערזענ־לאַכע נאָטע. און דאָס איז געשען אזוי ארום:

ווען מיר האָבן פאָרגעשלאָגן זאַמעטקינען צו קומען קיין ניו־יאָרק, האָט ער געוואָלט ניט אַנדערש נאָר מען זאָל אים פאַרזיכערן 10 דאָלער א וואָך געהאַלט.

צען דאָלער א וואָך!

וואו נעמט מען 10 דאָלער א וואָך?

האָבן מיר דאָס געלט צוזאַמענגעלייגט צווישן זיך. ווער עס האָט געגעבן 25 סענט א וואָך, ווער 50 סענט א וואָך, און ווער אפילו א דאָלאר א וואָך. (דער „נדיב הידוע“, ל. ווייסמאַן האָט דער איינציקער געצאָלט א דאָלער.) אויף מיר איז אויסגעפאַלן דער חוב צוזאַמענצוקלייבן דאָס געלט יעדער וואָך און באַצאָלן זאַמעטקינען זיין געהאַלט.

א 5־6 וואָכן איז אַלץ געגאַנגען כשורה. יעדן אָוונט האָבן מיר געשיקט זאַמעטקינען רעדן אויף אַנאַנדער פאַרזאַמלונג.

מיט אמאָל, זאַמעטקין איז פאַרשוואונדן. מיר האָבן אים גע־זוכט וואו מען האָט נאָר געקענט. ניטאָ זאַמעטקין. האָבן מיר גע־וואַרט עפּעס א צוויי וואָכן און נאָכדעם געשריבן קיין פילאַדעלפיע אויסצוגעפינען וואָס איז מיט אים געשען. א טאָג שפּעטער איז זיין פרוי, די פאַרשטאָרבענע אַדעלאַ קיען־זאַמעטקין, געקומען צולויפן קיין ניו־יאָרק. זי האָט אויך ניט געהערט פון אים די גאַנצע צייט.

אויסגעלאָזן האָט זיך, אז זאמעטקין איז געווען אוועק אין בראנזוויל*) צו זיינעם א פארערער, א באַרבער מיט דעם הויך־קלינ־גענדיקן אמעריקאנישן נאָמען, דזשאן סווינטאן, און האָט זיך פאר־שפּילט אין שאך אויף דריי אדער פיר וואָכן. זאמעטקין איז צו יענער צייט געווען א לײדנשאפטלאכער שאך־שפילער. איז אלץ ווידער געוואָרן גוט. די אבדה האָט זיך אָפּגעפונען. אָבער אצינד האָט זיך אָנגעהויבן א נייע סדרה. זאמעטקין האָט געפאָדערט זיינע שכירות פאר פיר וואָכן, 40 דאָלער. אויף דעם האָבן מיר זיך גאָר ניט גע־ריכט. אין קאסע איז געווען בלויז 10 דאָלער. דער עולם האָט אויפגעהערט צו צאָלן די וואָכער, און קיינער האָט מער ניט געוואָלט געבן קיין געלט, האָבן זיך אָנגעהויבן טענות, מיט דין־תורות. צום סוף האָט מען זיך אויסגעגליכן. מיר האָבן דערלויבט זאמעטקינען אָפּצועסן דאָס געלט אין ליבאר ליסעאום. אלץ האָט זיך געענדיקט בשלום. א שונא דעם פארוואַלטונגס־ראַט אָבער איז ער געבליבן.

דאָס איז געווען איין צד אין דער מחלוקה — יענער צד.

אויף אונזער זייט זיינען געשטאַנען ניט מער ווי צוויי: פיליפּ קראַנץ און ב. פייגענבוים. קראַנץ איז געווען א מענטש מיט א שיינער און לאנגער פארגאנגענהייט, באליבט און געאַכטעט צווישן די מאַסן, אָבער ער האָט אויף דער פּלאַטפאָרמע ניט געקענט עפענען דאָס מויל, כאָטש צעהאַקט אים. ב. פייגענבוים, ווידער, אַן ערלאַכער און פּרינציפּעלער מענש, אָבער זייער טאַקטלאָז. קאַהאַן האָט אים שטאַרק באַאיינפלוסט, און קעגן מילערן איז ער געווען גאָר הילפלאָז. האָט דערפאַר פייגענבוים ליב געהאַט זיך צו האַלטן אומפּארטייאיש, וואָס איז געווען געזונטער פאַר אים און פאַר אונז.

אצונדער איז געקומען אָט דער מילער, מיט זיין גאַנצער רעד־נערקראַפט און אומפאַראַנטוואָרטלאַכקייט; מיט זיינע אַלע פאַר־דינסטן און פּאָפּולאַריטעט; אונטערשטיצט פון אב. קאַהאַן, וואָס איז געווען דער פּאָפּולערסטער פון אַלעמען; אונטערשטיצט אויך פון מ.

---

*) בראַנזוויל איז היינט א גרויסער אידישער ישוב, און איז אַ טייל פון גרויס ניו יאָרק. צו יענער צייט איז דאָס געווען אַ קליין שטעטל מיט גרויסע בלאָטעס, אומגעפער צען ענגלישע מייל אוועק פון דעם ניו יאָרקער קיבוץ (אדער קיבעצאַרניע), און האָט זיך נאָר וואָס אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען.

זאַמעטקין, וואָס איז געווען א באַליבטער און פּאָפּולערער אגיטאטאָר — איז געקומען דער מילער און האָט געוואָרפן א באשולדיקונג פון קאָרופּציע — קענן ווען? קענן א גרופּע ארבעטער וואָס זיינען כמעט געווען אין גאנצן אומבאקאנט דעם גרויסן עולם. דער שרייבער פון די שורות איז געווען דער איינציגער וואָס איז דעמאָלט געווען מער באקאנט פון די איבעריגע פון דער גרופּע, אָבער ער איז צו יענער צייט געהאט געווען אין לאַנד ניט מער ווי צוויי יאָר.

אונזער קאמף, לויט יעדער לאָגיק, איז אין פאָראויס געווען א פארלאָרענער.

פינפטער קאַפּיטל

# דער אָנהויב פון דער לעגענדע

מיט וואָס האָט יענער אומגליקלעכער קאַמף זיך געענדיגט??

דער פּאַרטיי־טאָג האָט אודאי אָנגענומען די „קליקע" פאַר דעם קאָפּ און זי ארויסגעוואָרפן מיט חרפּה און בושה ווי זי האָט פאַר־דינט?

דאָס הייבט זיך גאָר ניט אָן.

געשען איז פּונקט דאָס פאַרקערטע. געוואונען האָט די „קלי־קע". דער פּאַרטיי־טאָג האָט אָנגענומען די פאָלגענדע רעזאָלוציע:

„אין אנבעטראכט דאָס די פּראַקטישע עקזעקוטיווע אר־בעט אין דער אידישער באוועגונג אין ניו יאָרק ליגט, דורך געוויסע פאַרהעלטניסן אין די הענט פון בלויז עטליכע גענאָסן, רעקאָמענדירט דער פּאַרטיי־טאָג אַלע סאָציאַליסטן, ווי אויך אַלע סאָציאַליסטישע פאַראיינען, אריינצוטרעטן אין דער „אר־בייטער צייטונג פּובלישינג אסאָסיאיישאָן" אום צו קענען אנטייל נעמען אין דער עקזעקוטיווע ארבעט".

משה שטאַרקמאַן, מיט זיין גאַנצער פּרעטענדירטער אביעקטי־וויטעט, ציטירענדיג די רעזאָלוציע, גיט זיך א זאָג: „די היציקע דיס־קוסיעס האָבן זיך געענדיגט מיט א קאָמפּראָמיס רעזאָלוציע, וואָס האָט בלויז געהאט א דעקלאַראַטיוון ווערט."

פאַרוואָס בלויז א דעקלאַראַטיוון ווערט?

הערט א מעשה: עטלאכע כמעט אומבאַקאַנטע יונגע לייט ווערן באשולדיקט פאַר א פּאַרטיי־טאָג פון דער אידישער סאָציאַליסטישער באוועגונג, אז זיי האָבן פאַרכאַפּט דאָס ציטאַדעל, די „ארבייטער צייטונג" פון דער אידיש־סאָציאַליסטישער באוועגונג. די באשול־

דיקונג ווערט געמאַכט, ווי שוין דערמאָנט, פון די סאַמע פּני פון דער באַוועגונג, די רעדנער, די שרייבער, די פּאָפּולערסטע מענטשן, וואָס זיינען נאָך דערצו פון פריער ארומגעפאָרן פון שטאָט צו שטאָט און האָבן געמאַכט שטימונג און פּראָפּאַגאַנדע פאַר זייער צד, און נאָך דעם אַלעמען קומט דער פּאַרטיי־טאָג און נעמט אָן ניט מער ווי א קאָמפּראָמיס רעזאָלוציע, „וואָס האָט בלויז א דעקלאַראַטיוון ווערט!״ עפּעס לאָזט זיך דאָס ניט גלויבן.

וואָלט מ. שטאַרקמאַן ניט געווען נאָכגעשריבן בורגינען אומ־קריטיש וואָלט ער געווען פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען א פּאָל־שטענדיקער זיג פון דער „קליקע״. וואָלט ער פאַרשטאַנען אַז, ניט נאָר האָט דער פאַרוואַלטונגס־ראַט זיך ניט פאַרענטפערט, נאָר אַז ער האָט געמאַכט שטאַרקע באַשולדיגונגען. די „קליקע״ האָט ניט געהאַלטן קיין סענסאַציאָנעלע רעדעס, זי האָט ניט געשמידט קיין אומפאַראַנטוואָרטלאַכע שלאַג־ווערטער, אָבער זי האָט אָנגעקאָלגט די פירער, אַז זיי נוצן אויס די באַוועגונג פאַר זייערע פּערזענלעכע צוועקן, הויפּטזעכלאַך פאַר רעקלאַמע: אַז צוליב זייער אויסנאַמס־שטעלונג, דאָמינירן זיי די פּאַרטיי און די צייטונג; אַז זיי דערלאָזן ניט עס זאָלן זיך אַנטוויקלען נייע טאַלאַנטן, אַז זיי זוכן צו דער־שטיקן אפילו די אַלטע טאַלאַנטן. די לעצטע באַשולדיקונגען זיינען געמאַכט געוואָרן הויפּטזעכלאַך געגן קאַהאַנען.

אָט די אַלע טענות און די אַלע געשיכטן האָבן מיר פאָרגע־בראַכט פאַר דעם צוזאַמענפאָר, און הגם מיר האָבן ניט געהאַט הינטער זיך די כחות פון דעם אַנדערן צד, האָט דער צוזאַמענפאָר זיך געשטעלט אויף אונזער זייט, און האָט אָנגענומען די אויבנ־ציטירטע רעזאָלוציע, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „אין אַנבעטראַכט דאָס די פּראַקטישע עקזעקוטיווע אַרבעט אין דער אידי־שער באַוועגונג אין ניו יאָרק ליגט, דורך געוויסע פאַרהעלטענישן אין די הענט פון בלויז עטליכע גענאָסן א. א. וו.״

דער פּאַרטיי־טאָג האָט איבערגעלאָזן די גאַנצע „קליקע״ אויף איר פּלאַץ. זי איז געבליבן ביים רודער פּונקט ווי פריער, און עס איז איר געלונגען, מיט עטליכע חדשים שפּעטער ארויסצוגעבן דאָס „אַבענד בלאַט״ מיט פיליפּ קראַנץ אַלס הויפּט רעדאַקטאָר און ב. פייגנבוים אַלס זיין מיט־רעדאַקטאָר. די אָטאָפּיע ארויסצוגעבן א טעגלאַכע צייטונג, ווייל עס זיינען ניט געווען קיין כחות ארויסצו־

געבן א וואָכן צייטונג, איז געוואָרן א ווירקליכקייט. דאָס „אבענד בלאַט" איז געווען א גרויסער דערפאָלג, דער שטאָלץ פון די אידישע ארבעטער אין אמעריקע.

אָבער פונקט ווי עס איז געבליבן די „קליקע" און איז אָנגע־גאנגען מיט איר ארבעט פון בויען, פונקט אזוי האָט ניט אויפגע־הערט די אָפּאָזיציע, וואָס איז אָנגעגאנגען מיט איר ארבעט פון צושטערן.

משה שטארקמאַן, (וואָס ווייסט פון דעם אַלץ גאָרניט, און וואָס קאָפּירט גאנץ אומשולדיק), שרייבט ווייטער:

„גראד אין יענער צייט האָט די פּאָבלישינג אסאָסיאיישאַן באַשלאָסן ארויסצוגעבן א טעגליכע צייטונג אויך. כאָטש קאהאַן איז געווען א געגנער פון דעליאָן, האָט מען אים דאָך פאָרגעשלאָגן צו ווערן רעדאקטאר פון דער נייער צייטונג. ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט און אויף זיין אָרט איז אויסגע־קליבן געוואָרן פיליפּ קראנץ."

דאָס איז אפילו א גוט וואָרט פאר דער „קליקע". עס באווייזט, אז נאָך אַלעמען איז די „קליקע" ניט באַשטאַנען פון אזעלכע גע־פערלאכע מענטשן. אָבער איך מוז זאָגן דעם אמת, אז איך קען זיך בשום אופן ניט דערמאָנען, מען זאָל האָבן פאָרגעשלאָגן קא־האנען צו ווערן רעדאקטאר פון דער נייער צייטונג. בורגין דער־מאָנט ניט אזא פאקט. נאָך וויניקער לאָזט זיך מיר גלויבן, אז קאהאַן וואָלט זיך געווען אָפּגעזאָגט פון דעם אמט ווען מען וואָלט דאָס אים פאָרגעשלאָגן. א שטיק פון קאהאנס געגנערשאפט צו דעם פארוואַלטונגס־ראט איז געקומען פון דעם, וואָס ער האָט געוואוסט, אז ער קען קיינמאָל ניט ווערן דער רעדאקטאר פון דעם „אבענד בלאַט" ווי לאַנג עס איז דאָ פיליפּ קראנץ. קאהאן האָט געחלש'ט צו ווערן רעדאקטאר פון „אבענד בלאַט" אָבער די „קליקע" האָט ניט געוואָלט קיין געלן זשורנאַליזם. זי האָט געזוכט ארויסצוגעבן אן ערנסטע צייטונג, אָן סענסאציעס, און זי האָט געגלויבט, אז קאהאַן איז ניט דער מענטש צו מאכן אזא צייטונג, בעת קראנץ איז ווי געבוירן פאר דעם. פיליפּ קראנץ, ווי איך האָב שוין דער־מאָנט, האָט ניט געקענט האלטן קיין רעדעס, אָבער ער איז געווען

א העכסט געבילדעטער מענטש, רואיק, געלאסן, ערנסט, צופאר־לעסיק און פרינציפיעל. און דערצו א פייאיקער זשורנאליסט מיט א פליסיקער פען.

אָבער דאָס איז ניט אזוי וויכטיק. צי מען האָט קאהאנען פאָר־געשלאָגן אָנצונעמען די רעדאקציע צו ניט, איז היינט ניט מער וויכטיק. אין דעם אויבנדערמאָנטן זאַץ פון משה שטארקמאן געפינט זיך אָבער אן אומשולדיקער בייזאַץ וואָס איז גראָד פון גרויסער וויכטיגקייט. דער בייזאַץ איז: „כאָטש קאהאן איז געווען א געגנער פון דעליאָן". מען וויל דאָ צוטשעפּן „די געגנערשאפט פון דע־ליאָן" צו דער אָפּאָזיציע, און דאָס האָט א געשיכטלאכן באַטייט פון גרויסער וויכטיקייט, אויב די גאנצע זאך האָט איבערהויפּט וועלכע ס'איז וויכטיקייט.

ה. שטיינברוק, פון פילאדעלפיע, וועמען איך האָב געזוכט צו באוועגן ער זאָל שרייבן זיינע זכרונות פון יענער צייט, שרייבט מיר אין א בריוו, דאטירט מערץ 1, 1934, צווישן אנדערן פאָלגענ־דעם:

„מיט עטלאכע יאָר צוריק האָב איך באגעגנט צוויי קינדער, א מיידל 18 יאָר אלט און א בחור 15־16 יאָר — ביידע גראדואירטע פון די ארבעטער רינג שולן, און די מיידל האָט שוין געזאָלט ווערן א לערערין אין יענע שולן. אויס פשוטער קוריאָזיטעט האָב איך זיי ביידע געפרעגט, וואָס וויסן זיי פון דאניעל דעליאָן און פון דער אמאָליקער „ארבייטער צייטונג און „אבענד בלאט".

„ביידע האָבן איינשטימיג געענטפערט: דעליאָן איז גע־ווען א פאנאטיקער, א דיקטאטאָר, א דעספּאָט, וואָס האָט רואינירט די ארבעטער באוועגונג. און די פובלישינג פירמע, וואָס האָט געדרוקט יענע צייטונגען, האָט ניט געלאָזט שרייבן נעגן דעליאָנען, האָט איגנאָרירט אלעס וואָס אזעלכע גרויסע מענטשן ווי קאהאן און מילער האָבן געשריבן. די מיטגלידער פון דער פּאָבלישינג הויז האָבן אָנגעהאלטן אלע סאָציאליס־טישע דזשאבס (באצאָלטע שטעלעס י. מ.) אין די יוניאָנס, אין דער ס. ל. פּ. אין די צייטונגען, און האָבן ניט דערלאָזט

קיין קריטיק און אלעס געטאָן פאַר אייגענעם נוצן. איז גע־קומען דער „פאָרווערטס" און האָט זיי באַזייטיגט.

„ווען איך האָב זיי דערקלערט, אַז ניט אַזוי האָט עס פּאַסירט, האָבן זיי אויף מיר געקוקט מיט חשד און געפרעגט, צו בין איך אַ לינקער. אַנדערש האָבן זיי געזאָגט קענען זיי ניט פאַרשטיין, אַז איך זאָל אָפּלייקענען אַזעלכע אמתן".

אָט אַזאַ לעגענדע איז געשאַפן געוואָרן, און אַב. קאַהאַן, און אַלע אַנדערע וואָס לעבן אין זיין זכות, און אויך די וואָס טוען דאָס „אונטערבאַוואוסט", טוען אַלץ וואָס זיי קענען די לעגענדע אָנצו־האַלטן און צו פאַרשפּרייטן.

איך האַלט עס דערפאַר פאַר מיין פליכט דאָ ענטלאַך אָפּצו־לייקענען דעם פאַקט, די אָפּאָזיציע האָט אין אָנהויב גאָר ניט געהאַט צו טאָן מיט דער באַוועגונג געגן דעם דעליאָניזם. יענע באַוועגונג האָט זיך אַנטוויקלט אַ סך שפּעטער און גאָר אויף אַנדערע ליניעס. אין 1893 איז דעליאָן צוזאַמען מיט קאַהאַנען געווען אַ דעלעגאַט צום צוריכער קאָנגרעס. אמת, עס זיינען אַלעמאָל געווען אומצופרידענע מיט דעליאָנס טאַקטיק, אָבער צו יענער צייט ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די אָפּאָזיציע געגן די פּאָבלישינג אַסאָסי־איישאָן, איז דעליאָן געווען אַ פאַרגעטערטער מענטש, הויפּטזעכלאַך פון די אידישע אַרבעטער. אמת, מאַנכע פּערזענלאַכע שטריכן אין דעליאָנס כאַראַקטער זיינען געווען שווער אַריבערצוטראָגן, איבער־הויפּט פאַר אַ מענטש ווי קאַהאַן, וואָס האָט געהאַט די זעלביקע חסרונות אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס, און ניט איינע פון זיינע מעלות, אָבער עס איז פּשוט לעכערלאַך צו רעדן פון אַן אַלגעמיי־נער נעגנערשאַפט צו דעליאָן, אָדער צו זיין טאַקטיק אין 1893. דאָס איז גראָד געווען די צייט ווען דעליאָנס וויכטיקסטע טעטיקייט האָט זיך אָנגעהויבן פּאַנאַנדערצוּוויקלען, מיינסטענס מיט דער הילף פון דער אידישער אַרבעטערשאַפט. מיט 3 יאָר שפּעטער, אין 1896 איז דעליאָן געווען איינער פון די בוררים, וואָס די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט באַשטימט צו מאַכן אַ שלום אין דער אידישער באַ־וועגונג.

מען מוז ניט פאַרגעסן, אַז דעליאָן איז געווען אפשר דער גע־בילדעטסטער און פייאיקסטער מענטש אין דער אַמעריקאַנישער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג. אַ מייסטער אין דער ענגלישער שפּראַך,

האָט ער געענדיקט און געשריבן פּליסיק אין כמעט אַלע אייראָפּייאישע לשונות. ער איז געבוירן געוואָרן אין צענטראַל אַמעריקאַ; זיין גימנאַזיע האָט ער געמאַכט אין הילדעסהיים, דייטשלאַנד. זיינע ווייטערן שטודיום האָט ער געמאַכט אין דעם לײדענער אוניווערזיטעט אין האָלאַנד. יוריספּרודענץ האָט ער געענדיקט מיט אויסצייכנונגען אין ניו יאָרק אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט, וואו ער איז נאָכער באַשטימט געוואָרן אַלס אינסטראַקטאָר פון לאַטיין־אַמעריקאַנישער באַציאונג. חוץ אין שפּראַכן, יוריספּרודענץ און דיפּלאָמאַטיע, איז ער אויך געווען געלערנט אין פּאָליטישע עקאָנאָמיע, געשיכטע, פילאָזאָפיע און ליטעראַטור, שוין גאַרניט צו ריידן פון סאָציאַליזם און מאַרקסיזם. לעניין האָט אויף אים געזאָגט, אַז זינט קאַרל מאַרקס איז ער דער איינציקער מענטש וואָס האָט בייגעטראָגן אָריגינעלע געדאַנקען צום סאָציאַליזם. מען קען זאָגן, ער איז אפשר געווען דער געבילדעסטער מענטש אין אַמעריקע. ער איז געווען אַ פּרעפּטיקער רעדנער און ער האָט געהאַט אַן אמתן הדרת פּנים. זיין שיינע שווארצע באָרד און זיין שפּאַנישע אָפּשטאַמונג (דעליאָנס פאָטער, אַ דאָקטאָר, האָט געצויגן זיין יחוס פון פּאָנס דע לעאָן, וואָס האָט אַנטדעקט פלאָרידאַ), האָט אים געגעבן אַ אידישן אויסזען. דאָס צוזאַמען מיט דעם נאָמען דאַניעל, האָט געגעבן מאַנכע פון זיינע געגנער די געלעגנהייט אים צו באַשולדיקן, אַז ער איז אַ איד, און אַז ער באַהאַלט דעם פאַקט, וואָס איז ניט געווען דער אמת. צום סאָציאַליזם איז ער געקומען דירעקט פון קאָלאָמביאַ קאָלעדזש אויף דעם אומוועג פון דער הענרי דזשאָרדזש סינגל טעקס באַוועגונג, וואָס האָט אין 1886 געמאַכט אַ רושם אויף דער וועלט. און ער איז געקומען אַלס מאַרטירער, ווארום ער האָט צוליב דעם פאַרלאָרן זיין פּראָפעסאָר שטעלע אין דעם אוניווערזיטעט.

דעליאָן איז געווען די גרויסע ירושה, וואָס דער אַמעריקאַנישער סאָציאַליזם האָט גע׳ירשנ׳ט פון דער הענרי דזשאָרדזש באַוועגונג און מען האָט געלייגט אויף אים גרויסע האָפענונגען. דעליאָן, האָט מען געהאָפט, מיט זיין געלערזאַמקייט, מיט זיין גרויסער באַרעדעוודיקייט און מיט זיין פּערפעקטן ענגליש, וועט זיין דער מענטש, וואָס וועט זיין ביכולת צו ברייננגען דעם סאָציאַליזם צו דעם אַמעריקאַנער אַרבעטער און דעם אַמעריקאַנער אַרבעטער צום סאָציאַליזם. עס איז אַזוי אַרום ניט געווען קיין געגנערשאַפט צו דעליאָנען צו יענער

צייט. די אמת'ע געגנערשאפט צו דעליאָנען האָט זיך אָנגעהויבען ערשט אין דעם יאָר 1896, ווען ער האָט געגרינדעט די „סאָשעליסט טרייד און לייבאָר אַליאנס", אַן אָפּאָזיציאָנעלע צענטראַלע קערפּער־שאַפט פון יוניאָנס צו די עקזיסטירנדע „נייטס אָוו לייבאר" און „אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר". די אידישע אָפּאָזיציע צום „אבענד בלאַט" וואָס האָט זיך אָנגעהויבען מיט דריי יאָר פריער צוליב גאַנץ אַנדערע אורזאַכן און מאָטיוון, אָן שום פּרינציפּיעלן הינטערגרונד, און האָט דערפאַר געהאַלטן ביים אויסגיין, האָט אַצינד זיך צוגעכאַפּט צו דער פּרינציפּיעלער דעליאָן געגנערשאַפט אַלס רעטונגס מיטל פאַר דער אייגענער עקזיסטענץ. און זי האַלט זיך היינט פעסט אָן דער לעגענדע אַלס אידעאָלאָגישע באַרעכטיקונג פאַר יענער אומפאַרציילאַכער אוואַנטורע.

אב. קאַהאַן האָט ליב צו מאַכן דעם איינדרוק, אַז ער איז געווען דער דוד וואָס האָט גע'הרג'ט דעם גליות דעליאָן. אָבער דאָס איז איינפאַך ניט אמת. קאַהאַן האָט אין דעם אַמעריקאַנישן סאָציאַליזם קיין שום ראָלע ניט געשפּילט. דאָס קען מען זען פון דעם פאַקט וואָס מאָריס הילקוויט, א פּערזענלאַכער פריינט זיינער, דערמאָנט אפילו ניט דעם נאָמען קאַהאַן אין זיין "History of Socialism in the United States", אין דעם ניט־לאַנג דערשינענעם, טיילווייז אינטערעסאַנטן, בוך אונטער דעם טיטל "Rebel America" (דאָס רעבעלירנדע אַמעריקע), ווערט אָפּגעגעבן א בכבודער אָרט צו דעליאָנען און זיין טעטיקייט, און אויך אין דעם בוך ווערט קאַהאַנס נאָמען ניט דערמאָנט. הגם די אָפּאָזיציע צו דעליאָנען ווערט באַשריבן מיט אַלע איינצלהייטן.

איך דערמאָן דאָ די פאַקטן כדי פעסטצושטעלן, אַז די געשיכטע ווי זי ווערט דאָ געשריבן ביי אונז איז מער לעגענדע ווי געשיכטע, און זי ווערט געשריבן אונטער א דרוק וואָס איז קיינמאָל ניט געזונט פאַר געשיכט־שרייבעריי, אָדער פאַר וועלכע עס איז אַנדערע ליטעראַרישע אָדער קולטורעלע שאַפונג.

עס קען דאָ ניט זיין מיין אויפגאַבע אַריינצוגיין אין מער איינצלהייטן. זאָל דאָ דערפאַר געזאָגט ווערן בקיצור, אַז דעליאָן, ווי יעדער אַנדערער „נביא" איז געקומען א שטיק פאַר זיין צייט. היינט איז דער געדאַנק פון אינדוסטריעלע יוניאָנס ניט מער אַזאַ שרעקעדיקע זאַך. אָבער די אידעע באַלאַנגט צו דעליאָן.

## זעקסטער קאַפּיטל

# מאָרים ווינטשעווסקי

מאָרים ווינטשעווסקי איז געקומען קיין אמעריקע, מיר שיינט, אין אָקטאָבער פון 1894. זיין קומען אהער איז געווען ווי אמאָל דאָס קומען פון א גרויסן גוטן אידן אין א קליין אידיש שטעטל. די גאנצע אידישע ארבעטערשאפט — און אלץ וואָס איז געווען פּראָגרעסיוו און קולטורעל אין אונזער לעבן דאָ האָט באלאנגט צו דער ארבעטערשאפט — האָט אַרויסגעקוקט אויף זיין קומען. מען דאַרף האָבן געלעבט צו יענער צייט אין ניו יאָרק אין דער סביבה פון די אידישע ארבעטער, מען זאָל זיך קענען פאָרשטעלן וואָס ווינטשעווסקיס קומען קיין אמעריקע האָט באטייט; וואָסער כוואַליע פון באַגייסטערונג און ליבע עס האָט זיך אים אנקעגן געטראָגן ווען ער איז צוגעקומען צו די ברעגן פון אמעריקע. זיין נאָמען, ריכטיגער זיינע נעמען: דער זיידע; דער משוגענער פילאָזאָף; בן נץ; מ. וו. מאָרים ווינטשעווסקי. (אויך דער לעצטער נאָמען איז געווען א פּסעוודאנים), האָבן געווירקט ווי דער שם המפורש. דאָס זיינען געווען נעמען וואָס האָבן געגעבן פליגל צו דער פאנטאזיע; וואָס האָבן אריינגעפירט אין אַ צושטאַנד פון צאָרן און ליבע, פון כעס און קאַמף, פון גלויבן און האָפנונג. ביז אויף היינטיגן טאָג קום איך אין א געהויבענער שטימונג, ווען עס קומען מיר אויף דעם זין יענע צייטן (און יענע לידער), ווען אידישע ארבעטער האָבן אויף זייערע פאַרזאַמלונגען, אין זייערע היימען און ביי אלע אנדערע יום טוב געלעגנהייטן געזונגען מיט שטימונג, מיט גוסטא און מיט באגייסטערונג, ווינטשעווסקי'ס:

אין די גאַסן — צו די מאַסן
פון באדריקטע פעלקער־ראַסן; —

רופט דער פרייהייטס־גייסט:
איך ברייננ וואַפן פאַר דעם שלאַפן,
איך באַפריי די ארבעטס שקלאַפן,
און איך מאַך זיי דרייסט.

ליכט פאַרשפרייטן — רעכט פארברייטן,
קום איך און צעדריק די קייטן
פון דער טיראַניי:
די נאַציאָנען — פון קאַנאָנען,
פון ארמייען און פון שפּיאָנען,
קום איך מאכן פריי...

אָדער זיין א „חודש אן ארבייט", וואו ער זינגט:

איך בעט קיין נדבות
פון וועגן זכות אבות
פאַרהאָרעווען וויל איך מיין ברויט;
ניט בעטלען, ניט שנאָרן,
צו קצינים ניט פאָרן,
ניט וואַרטן אויף רייכע לייטס טויט.

מיר פעלט די חריפות,
די שנאָרערשע חניפות,
די דריידלאַך, די קונציגע רייד:
די אויגן צו גלאָצן,
ביין טיש פון אַ קאָצן,
דערצו בין איך ווייניג געשייט.

דאָס זיינען נאָר עטליכע סטראָפן ארויסגעכאפּט וואָס איז גראָד געקומען אויפן זכרון, אָבער זיי באַווייזן פאר וואָס די אידישע אר־בעטער האָבן אזוי געשמאַק געזונגען זיינע לידער. ווינטשעווסקי האָט געגעבן פאָרמע און אויסדרוק צו די ליידן און האָפנונג פון דעם ביז אהער האָרעפּאשנעם און שטומען אידישן מענטשן. ער האָט גע־עפנט דאָס מויל פון „באָנטשע שוויינ". דערפאר איז ער ביי אונז

געווען דער ערשטער וואָס איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס פּאַראַד. היינט צו טאָג איז אַ קבלת פּנים אַ גאַנץ וואָכיגע זאַך. יעדער איינער וואָס האָט עפּעס אַ צד אין דעם „פּרץ־פּאַראיין", אין דער קולטור געזעלשאַפט, אין דעם פּען קלוב, אין דעם שלום עליכם אינסטיטוט, און דעם אידישן לערער סעמינאַר, אין דעם „אמאַפּטייל", אין דעם אַרבעטער רינג, אין דעם אידישן נאַציאָנאַלן פּאַרבאַנד, ביי די פּועלי ציון א. א. וו., קען ווי עס איז אויספּועלן אַ קבלת פּנים ווען ער קומט אַהער, אָדער אַ צאַתך לשלום ווען ער פּאָרט אַוועק, ניט אַזוי איז דאָס געווען אין 1894. אין יענע יאָרן האָט מען באַדאַרפט האָבן ווירקלאַכע און אמת גרויסע פאַרדינסטן איינעמס קומען זאָל קענען אָנפילן אַ אידישן טעאַטער אים אָפּצוגעבן אַ ברוך הבא. ווינטשעווסקיס אַהער קומען איז בלי ספק געווען אַ וויכטיגע געשעעניש אין אונזער לעבן. די שמחה מיט אים איז גע־ווען אַן עכטע און אַ גרויסע.

איך בין געווען ניט ווייניקער, אפשר מער, באַגייסטערט פון די אַנדערע. דאָך איז צווישן ווינטשעווסקי און מיר פון דער ערשטער מינוט אָן אַנטשטאַנען אַ מיספאַרשטענדניש. געשעען איז דאָס צו־ליב אַן אומשולדיקן וויץ, וואָס דער טייוועל האָט מיך אָנגעטראָגן צו מאַכן אויף זיין חשבון. ווינטשעווסקי איז געווען אַ פיינער הומאָריסט, אַ שאַרפער קריטיקער. פרייע פּרעסע און פרייע קריטיק איז ביי אים געווען אַ הויפּט פּרינציפּ, אָבער ער האָט ניט דער־לויבט קיין שום סאַטירע און קיין שום קריטיק אויף זיין אייגענער פּערזאָן, אָדער האַנדלונג. האָט איינער זיך פאַרשולדיגט אין דעם פּרט איז געווען „אחת דתו להמית". און אַפּעלירן געגן דעם גזר דין איז ניט געווען צו ווענדן.

די מעשה מיט דעם וויץ איז געווען אַזוי: אַ וואָך איידער ווינט־שעווסקי איז געקומען קיין אַמעריקע איז אין דער „אַרבייטער ציי־טונג" דערשינען אַן אַרטיקל פון דעם „משוגענעם פילאָזאָף" וואו יעדעס וואָרט האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַן אלף:

„אָה, איר אַרימע, אונטערדריקטע, אויסגעמאַטערטע אי־דישע אַרבעטער", אַרבעטנדיג אָן אַן אויפהער, אימער און איי־ביג, אונטער אוממענטשלאַכע אומשטענדן, אונטערגראָבט איר אַליין אייערע אינטערעסן אומעטום, אין איירופּע און אין אַמעריקע" א. אַ. וו.

איך האָב דעמאָלט אַלס בחור געוואוינט ביי פייגענבוימען אין הויז. אין גרויס התפּעלות פון דעם אַרטיקל, האָט פייגענבוים אַהיים געבראַכט דעם מאַנוסקריפּט דאָס צו ווייזן אין דער היים איידער די ציַיטונג האָט דערשיינט.

איך האָב זיך באַצויגן קריטיש צו דעם גאַנצן אַרטיקל. אויף מיר האָט דאָס געמאַכט דעם איינדרוק פון אָרעם בחורשע בטלנות, און איך האָב די דאָזיגע מיינונג גאַנץ פריי אויסגעדריקט אין דער היים. איז צווישן פייגענבוימען און מיר אַרויסגעקומען אַ סכסוך. זאָג איך צו פייגענבוימען: וועסטו אָפּדרוקן אַן אַנטוואָרט אין אַלפן אויף אַן אַרטיקל אין אַלפן?

פייגענבוים איז איינגעגאַנגען. האָב איך זיך אוועקגעזעצט און אין אַ האַלבע שעה ציַיט איז געווען אויפגעשריבן פאָלגנדער ענטפער:

## „אַן אַנטוואָרט אויף אַלפן איבער אַן אויפּטו אין אַלפן"

„אויפצושרייבן אַזאַ אַרטיקל איז אפשר אַן אויסעראָרדנט־לעכע אַרבעט; אין אַן „אַרבייטער־צייטונג" אָבער, איז אויך אַזעלכע אויסגעמאַטערטע, אויס איינצלנע אותיות אויסגע־קוועטשטע אַרטיקלען אסור אַן אָרט".

„אלף איז איבערהויפּט אַן אָפּטער אות אין אידיש."

„אויף אַנאַנדער אות איז אוממעגלאַך אויסצואַרבעטן אַזאַ אַרטיקל."

„איך אַכטע אָבער אונזער אַלטן אויסגעצייכנטן אַרבעטער־קעמפּער און אים אַלזאַ איין איינציגע אומריכטיגקייט אויס־לאָזן."

„אייער אייביג איבערגעגעבענער, אַן אָרימער אידישער אַרבעטער."

די „אַרבייטער צייטונג" מיט דעם אומשולדיגן וויץ איז דער־שינען. ווי געוויינלאַך, אין אַ מיטוואָך, און דעם זונטאָג נאָך יענעם מיטוואָך בין איך געזעסן צו מיטאָג מיט ווינטשעווסקי ביי איין טיש אין פייגענבוימס הויז.

וואָס איז דאָ צו דערציילן?

אַזוי שנעל ווי ווינטשעווסקי האָט אויסגעפונען, אַז איך בין דער מחבר פון יענעם וויץ, איז געוואָרן אַ פאַרשטערטער טיש.

שפּעטער האָט ער זיך מיט מיר אָפּגערעכנט אויף א קינדערשן אופן אין דעם באָסטאָנער „אמת", וואָס איז דערשינען אונטער זיין רע־דאקציע.

מיט דער צייט איז זיין געגנערשאפט צו מיר אָפּגעבליאקירט געוואָרן. מיר האָבן צוזאמען געארבעט, און מיר זיינען זיך צוזאמענ־געקומען אויף פארשידענע וועגן. אין 1907, ווען ער האָט איבער־גענומען פון מיר די רעדאקציע פון „דער צוקונפט" (איך האָב רע־זיגנירט, ווייל איך האָב ניט געקענט, ווי אימער, אויסקומען מיט די אינווייניגסטע פּאליטיקאנטן), בין איך פארבליבן א מיטארבעטער. אין 1908 האָב איך אונטער זיין רעדאקציע אין דער „צוקונפט" פארעפנטלאכט אן עסיי, איבער „סאנין און פרייע ליבע". אין 1909־1910 האָב איך ארויסגעגעבן אויף אייגענע כחות „די נייע וועלט", א פערטליערלאכן זשורנאל (מער ווי אויף צוויי נומערן האָט ניט געסטייעט קיין כחות), האָט ער פאר מיר געשריבן א טייל פון זיינע „עראינערונגען". אין מערץ 1917, צו זיין 60 יעריגן יובילײ האָב איך פארעפנטלאכט אין דער וועכנטלאכער „נייער וועלט" אויף דער איינ־לאָדונג פונם רעדאקטאר י. ב. סאלוצקי, (איצט סאלוצקי־הארדמאן), אן ארטיקל מיטן אויפשריפט: „פערציג יאָר אידישער סאָציאליסט." אין יענעם ארטיקל שרייב איך צווישן אנדערע זאכן:

„מיט פערציג יאָר צוריק, א יונגער מאן ווי ער איז דע־מאָלט געווען, איז ער געווים געווען זיכער, אז אין פערציג יאָר ארום, אויב ער וועט נאָר דערלעבן, וועט שוין געווים זיין נאָך דער סאָציאלער רעוואָלוציע".

„היינט, נאָכדעם ווי די פערציג יאָר זיינען שוין פארביי, האָט ער אויסגעפונען, אז דאָס זיינען געווען פערציג יאָר מדבר."

„א דור המדבר."

און די לוחות זיינען צעבראָכן!

און דער עגל הזהב, דאָס גאָלדענע קאלב, איז דער גאָט וואָס הערשט!"

„וואָסער טראגעדיע! וואָסער אנטוישונג!"

„א נחמה איז אָבער דאָ א גרויסע. די טראגעדיע איז ניט נאָר זיין טראגעדיע. ער שטייט ניט אליין. ער איז ניט דער

איינציגער וואָס האָט צעבראָכן זיינע געטער און טראָגט זיך איצט ארום מיט די צעבראָכענע שערבלעך וואָס פּאַסן זיך אין ערגעץ ניט אריין. דאָס איז דער גורל פון יעדן דור המדבר."

„און ווען איינער האָט די זכיה צו האָבן געווען פון די ערשטע וואָס זיינען ארויס פון דעם חושך, מעג ער נאָכדעם בראָדיען אין א מדבר, מעג ער אפילו האָבן פארלאָרן די האָפנונג ווען עס איז צו קומען אין דעם פארשפּראָכענעם לאַנד — ער האָט זיין שכר אין זיין ארבעט..."

„דאָס באַוואוסטזיין איז דער גרויסער שכר!"

„דעם דאָזיגן באַוואוסטזיין האָט מארים ווינטשעווסקי."

איז דאָך, דאכט זיך, אלץ גוט און וואויל. יענעם וויץ, אָבער האָט ער קיינמאָל ניט פארגעסן, און אפשר אויך קיינמאָל ניט מוחל געווען. אין 1926, נאָכדעם ווי ער איז צוריקגעקומען פון זיין טריאומף צוג אין סאָוועט־רוסלאַנד, האָט ער האַלב אין שפּאַס מיך דערמאָנט אָן יענעם וויץ מיט די אַלפן. אזוי זיינען שוין די תלמידי חכמים. וואָס קען מען זיך העלפן? האָט דאָס עטוואָס געהאַט צו טאָן מיט זיין צושטיין צו דער אָפּאָזיציע? איך האָב מורא צוצושרייבן אזוי פיל קרעדיט אויף מיין חשבון. אָבער מיילמאָל, ווען קיינער הערט ניט, האָב איך ליב זיך איינצורעדן, אז לכל הפּחות א קליין ביסל האָט דער כעס צו מיר, צוגעלייגט צו דעם כעס אויף קראַנצן, א סך געהאָלפן צו דעם וואָס ער איז געוואָרן אזא בייזער אָפּאָזיציאָניסט.

שפּעטער האָט ער געהאַט מער אורזאַכע צו זיין בייז אויף מיר, ווי מיר ווילן דאָס זען ווייטער.

באַלד נאָך זיין אָנקומען, האָבן זיך צו ווינטשעווסקין א לאָז געטאָן ביידע צדדים, די „גראַמאָטנע" און די „בעזגראַמאָטנע". יעדער צד האָט געזוכט אים אריינצוכאַפּן צו זיך. מיט דריי יאָר פריער, אין 1891, איז דערזעלבער געלאַף, מיט א סך א קלענערן אימפּעט, זעלבסטפארשטענדלאַך, אָנגעגאַנגען ווענן מיר. נאָר בעת איך בין געווען נוטה צו דעם צד פון ארבעטער, די „בעזגראַמאָטנע", ווי עס איז געווען נאַטירלאַך פאַר מיר, האָט ווינטשעווסקי, איך ווייס ניט פאַר וואָס, זיך גענויגט צום אנדערן צד.

ביז אויף היינטיקן טאָג, קען איך ניט דערקלערן ווי אזוי עס איז געשעען וואָס מאָרים ווינטשעווסקי איז איבערגעגאַנגען צו דעם צד פון די „גראַמאַטנע". ער איז געווען אזוי גאַנץ אַנדערש פון קאַהאַנען, אז צווישן די צוויי, דאַכט זיך, האָט קיין שום פאַר־שטענדניש ניט געקענט זיין, און עס איז אויך ניט געווען. דאָס וואָס ווינטשעווסקי האָט געפאָדערט צום שטאַרקסטן — פרייע פרעסע — דאָס האָט קאַהאַן געוואָלט צום ווינציגסטן.

דער גאַנצער צונויפשטעל פון קאַהאַנען, איז געווען און איז ביז אויף היינט, קעגן פרייער פרעסע. אויב עס איז געווען ווער עס איז ביי אונז, וואָס האָט זיך צום שטאַרקסטן פאַרזינדיגט קעגן דער מצוה פון פרייער פרעסע, איז דאָס געווען קאַהאַן. קאַהאַן האָט דאָס גאָר ניט געלייקנט.

אין דעם סאַמע קאָך פון דער אָפּאָזיציע, האָט ער מער ווי איינמאָל דערקלערט, אז ער האַלט ניט פון פרייע פרעסע. ווינ־טשעווסקי האָט דאָס שפּעטער אויסגעפונען אויף זיין אייגענעם גוף, אין זיינע האַנדלונגען מיט קאַהאַנען אין דעם „פאָרווערטס". פרעגט זיך, וואָס איז געווען דער פונקט, וואָס האָט אים געטריבן אין דעם לאַגער פון אַב. קאַהאַן? איך האָב געהאָפט, אז עס וועט אַמאָל קומען א צייט ווען עס וועט געשריבן ווערן ווינטשעווסקיס ביאָגראַפיע, און דאָס פּסיכאָלאָגישע רעטעניש וועט ווערן פאַרענט־פערט. אָבער גראָד אין דעם האָב איך זיך שטאַרק אנטוישט. ווינ־טשעווסקיס ביאָגראַפיע פון קלמן מרמר, געשריבן אונטער דער השגחה פון ווינטשעווסקי אליין,*) פאַרענטפערט דאָס רעטעניש אויף אַן אופן וואָס איז ניט גינסטיג פאַר ווינטשעסקי.

---

*) אין זיין פאָררעדע צו ווינטשעווסקיס ביאָגראַפיע, שרייבט קלמן מרמר, „אַז ווינטשעווסקי האָט זיך אליין אָנגעבאָטן דורכצולייענען זיין גאַנצע אַרבעט און מיר אָנווייזן יעדן טעות. ווען ער האָט דאָס דורכשטודירט, האָט ער אויס־געפונען, אַז קיין זאַך איז דאָ ניט געבויט — אויף סברות און פלפולים, נאָר אַלץ איז באַגרינדעט אויף דאָקומענטן. אזוי, אַז סוף כל סוף איז אָט די לעבנס־געשיכטע אויטאָריזירט געוואָרן פון זיידן, און האָט זיין פולן אנער־קענען". („מאָרים ווינטשעווסקי, זיין לעבן, ווירקן און שאַפן", ניו־יאָרק, 1928, זייטע 6).

ווינטשעווסקי איז אזוי אַרום מיט־פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר אַלע פעלערן פון דעם ווערק. און קיין פעלערן פעלן דאָרט ניט.

מרמר שרייבט:

„ווינטשעווסקי, כאָטש נאָך א גאסט אין אמעריקע, איז באַלד געוואָרן א צד אינם פראקציאָנעלן קאמף. ווינטשעווסקי וואָס האָט געקענט קראנצן נאָך פון דער ציים פונם „פוילישן אידל" ווען יענער האָט קיין וואָרט אידיש ניט געקענט שרייבן, האָט אים געהאלטן פאר „א מענטשן אָן א צונג און מויל און אָן א פעדער אין האנט". ביי זיין בעסטן ווילן האָט אויך ווינטשעווסקי ניט געקענט פארגעסן די ביטערקייט, מיט וועלכער קראנץ האָט אויסגעלאכט די „אומפּארטייאישקייט" פון „ארבייטער פריינד". אָנגערופן די דאָרטיגע סאָציאליסטן (אויך ווינטשעווסקי אין כלל) „פארעווע לאָקשן" און צוגעטריבןביידע צדדים צו דער שפּאַלטונג אין די רייען פון דער לאָנדאָנער ארבייטער באוועגונג. ווינטשעווסקי האָט דערפאר געהאלטן, אז דער רעדאקטאר פון „אבענד בלאט" האָט גענדארפט זיין אב. קאהאן און ניט פיליפּ קראנץ. ווינטשעווסקי איז געווען „זיכער" אז דאָס איז ניט געשען ניט בלויז דערפאר ווייל קאהאן האָט געהאט פערזענלאכע געגנער צווישן די יונגע חברה, וועלכע ער זאָל האָבן אָנגערופן „בעזגראמאָטנע" נאר אויך מחמת „פּארטיי פּאָליטיק", ווייל ער האָט געארבעט קעגן דעם פירער פון דער ס. ל. פּ. — דאניעל דעליאָן."

„וועגן דעליאָנען, וועמען ער האָט שפּעטער אָנגערופן דער וואָרם אין דעם לעבעדיקן עפּל, (ס. ל. פּ.) האָט ווינטשעווסקי שוין פון פריער געהאט א שלעכטע מיינונג. ווארום אב. קאהאָן, מיט וועמען ער, ווינטשעווסקי, האָט זיך געטראָפן צוויי מאָל אין לאָנדאָן (אין די זומערן 1892-1893), האָט אים דערציילט אז דעליאָן איז א מין פּארטיי טיראן, וואָס האָט כסדר געוואָלט שפּילן דעם ערשטן פידל."*)

אָט דאָס זיינען געווען די אורזאכן פאר וואָס ווינטשעווסקי איז צוגשעטאנען צו דער אָפּאָזיציע ווי מיר האָבן דאָס כמעט פון זיין אייגענער פעדער. קיין איינאיינציג וואָרט מער איז וועגן דעם ניטאָ אין זיין ביאָגראַפיע.

*) מאָריס ווינטשעווסקי, זיין לעבן, ווירקן און שאַפן פון קלמן מרמר, זייטן 191-192.

משה שטארקמאַן, ווי עס איז שוין געווען באמערקט, שרייבט:
„כאַטש קאהאן איז געווען א געגנער פון דעליאָן, האָט מען אים דאך פארגעשלאָגן צו ווערן רעדאקטאר פון דער נייער צייטונג. ער האָט זיך אבער אָבגעזאָגט.״

דאָ האָבן מיר אַן אָפענע סתירה. פון וואנען האָט שטארקמאַן גענומען די ידיעה, אז מען האָט קאהאנען אָנגעבאָטן די רעדאקציע און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט? ניט אַנדערש, ער האָט דאָס גענומען פון קאהאנס אייגענע זכרונות. אבער, אויב דאָס וואָלט געווען אמת, וואָלט ווינטשעווסקי, לויט זיינע אייגענע ווערטער, ניט געווען גע־האט קיין אורזאך צוצוטרעטן צו דער אָפּאָזיציע. אלץ וואָס ער וואָלט באדארפט טאָן אין אזא פאַל, וואָלט באדארפט זיין צו פועלן ביי קאהאנען ער זאָל אָננעמען די רעדאקציע, און עס וואָלט געווען שלום על ישראל. דאָס, צוזאמען מיט מיין אייגענעם זכרון, גיט מיר די זיכערהייט, אז ווינטשעווסקי האָט רעכט אין דעם פּרט. דער פאַרוואַלטונגס־ראַט האָט ווירקלאך ניט געוואָלט קאהאנען אלס רע־דאקטאר. ווינטשעווסקי אָבער האָט געהאלטן, אז רעדאקטאר פון „אבענד בלאַט״ האָט באדארפט זיין קאהאן.״ פאר וואָס? ווינ־טשעווסקי האָט פיינט געהאט קראנצן, ווייל יענער האָט די „אומ־פארטייאישע״ אָנגערופן ״פּארווע לאקשן״, און דאָס האָט אויך ארייג־גענומען אין כלל ווינטשעווסקין אליין. (וועגן דעליאָנען, ווידער, „האָט ער שוין פריער געהערט פון קאהאנען א. א. וו., א. א. וו.״) אָט דאָס זיינען געווען ווינטשעווסקים אורזאכן פארוואָס ער איז צוגע־שטאַנען צו דער אָפּאָזיציע.

דאָס ברענגט מיך אויף דעם געדאנק, אז מיין אומשולדיגער וויץ מיט די אלפן, האָט מן הסתם אויך געהאט עפּעס א חלק אין דעם וואָס ווינטשעווסקי איז געוואָרן אן אָפּאָזיציאָניסט, הגם מרמר דערמאָנט דאָס ניט. אז א מענטש האָט ניט געקענט פארגעסן וואָס מען האָט די אומפארטייאישע אנגערופן „פּארווע לאָקשן״, איז דאָס ניט לעכערלאך?

## זיבעטער קאַפּיטל

# באָסטאָן און דער „אמת״

ווי עס איז שוין פריער געווען אָנגעמערקט, האָט דער נואַרקער פּאַרטיי טאָג פון דעם ערשטן יאַנואַר 1894 אַליין איבערגעלאָזן אין די הענט פון דער אַזוי גערופענער „קליקע״, ניט געקוקט אויף די סענסאַציאָנעלע און אומפּאַראַנטוואָרטלאַכע באַשולדיקונגען פון לואי מילער, און אפשר גאָר צוליב זיי. דער פּאַרטיי טאָג האָט מיט דעם אפשר געוואָלט צייגן, אַז ער לאָזט זיך ניט פאַרפירן פון אַזעל־כע אומגעצאַמטע אויסברוכן.

נאָך דעם פּאַטש אין פּנים האָט לואי מילער זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט שטילערהייט, און שפּעטער איז ער גאָר אַוועקגעפאָרן קיין אייראָפּע. די „קליקע״ אָבער איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט איר אַרבעט פון פאַרשפּרייטן אויפקלערונג און סאָציאַליזם צווישן די אידישע אַרבעטער און העלפן אָרגאַניזירן יוניאָנס פאַר זיי. אַ צאָל אידישע אַרבעטער און אינטעליגענטן האָבן געפאָלגט דעם רוף פון דער נואַרקער רעזאָלוציע און האָבן זיך איינגעשריבן אַלס מיטגלי־דער פון דער „פּובלישונג אַסאָסיאיישאָן״ (פאַרלאַגס געזעלשאַפט). אַליין האָט אָנגעהויבן צו גיין כשורה, אָבער די אָפּאָזיציע האָט ניט גערוט. זי האָט זיך מיט דעם קלאַפּ ניט געקענט צופרידנשטעלן.

צו דעם איז צוגעקומען אַ זייטיקער שווישפּיל פון ווינטשעווסקי און באָסטאָן.

באָסטאָן האָט געהאַט איר אייגענע פאָרשטעלונג. זי האָט גע־האַט אַן אָפּאָזיציע אויף דעם אייגענעם חשבון. צוערשט איז דאָרט געווען די אַלגעמיינע קעגנערשאַפט וואָס מען געפינט אין יעדן קלענערן קיבוץ קעגן דעם גרויסן צענטער. וואַרשע און ווילנע האָבן מן הסתם אויך פאַרזוכט פון דעם טעם.

אין באָסטאָן איז דאָס, זעלבסטפאַרשטענדלאַך, געגאַנגען קעגן ניו יאָרק. ניו יאָרק האָט אַלץ פאַרכאַפּט אין אירע הענט; ניו יאָרק האָט אַלע גדולים; ניו יאָרק האָט די צייטונגען; ניו יאָרק איז אַ דיקטאַטאָר; ניו יאָרק אַהין, ניו יאָרק אַהער — דער אַל־טער פּזמון. צו דעם איז צוגעקומען אַן אַנדער זאַך פון אַן ערנס־טערן כאַראַקטער. דאָס זיינען געווען די מחלוקות אין דעם שניידער פאַך.

צוזאַמען מיט די אינערלאַכע מחלוקות אין דער אַרבעטער צייַ־טונג, איז נאָך אָנגעגאַנגען אַ מחלוקה ביי די קלאָוקמאַכער. די אַרבעטער צייטונג און אַ גרויסער טייל סאָציאַל דעמאָקראַטן האָבן באַקעמפּט באַראַנדעסן און זיין יוניאָן. די אַנאַרכיסטן האָבן אים אונטערשטיצט. האָבן די סאָציאַליסטן געגרינדעט אַן אָפּאָזיציע יוניאָן. די אַרבעטער צייטונג האָט אויך באַקעמפּט „די יונייטעד גאַרמענט וואָרקערס״ (פאַראייניקטע שניידער אַרבעטער) צו וועלכע מאַנכע באָסטאָנער יוניאָנס האָבן באַלאַנגט. דאָס האָט זעלבסט־פאַרשטענדלאַך פאַרשאַרפט דעם קאַמף פון באָסטאָן קעגן ניו יאָרק.

ווען ווינטשעווסקי איז געקומען, און האָט זיך דערקלערט אין דער אָפּאָזיציע, האָט „באָסטאָן״ זיך אָנגעכאַפּט אָן אים מיטביידע הענט. אויף אַזאַ גליק האָבן זיי זיך גאָרניט געריכט. דאָ האָבן זיי מיטאַמאָל געקראָגן די געלעגנהייט צו האָבן אַן אייגענעם און אמת׳ן גדול, וואָס שטייט מיט דער אָפּאָזיציע. פאַר ווינטשעווסקין איז אין ניו יאָרק ניט געווען קיין אָרט. דאָס האָט ער אַליין אויך געוואוסט. איז טאַקע גלייך געשלאָסן געוואָרן דער שידוך צווישן „באָסטאָן״ און ווינטשעווסקי. מען קען דאָך אָבער ניט משיג גבול זיין דעם „אבענדבלאַט״, האָט ווינטשעווסקי אָנגענומען די איינלאַ־דונג אַרויסצוגעבן דעם „אמת״ אַלס אַ וועכענטלאַך פאַמילענבלאַט, צו אַמוזירן און צו אונטערהאַלטן. דאָס האָט געזאָלט זיין, לויט זיינע ווערטער, אַ מין ביילאַגע צו דעם „אבענדבלאַט״. אַלע זיינען געווען צופרידן. קאַהאַן, פייגנבוים, דאָס אבענדבלאַט גופא — אַלע האָבן באַגריסט די דערשיינונג פון דעם באָסטאָנער „אמת״. אַלע האָבן געפילט, אַז אביסל אונטערהאַלטונג צו באַרואיקן די נערוון נאָך די אייפעריקע אָנשטרענגונגען וועט זיין אַ טובה פאַר יעדן באַזונדער און פאַר אַלע צוזאַמען.

די דאָזיקע אונטערהאַלטונג האָט לאַנג ניט אויסגעהאַלטן אָדער אָנגעהאַלטן. פערצן נומערן האָט ווינטשעווסקי געפירט לויט דעם פּראָגראַם. לענגער רוען, ווי עס זעט אויס, האָט ער ניט געקענט. זיין גרויסער „שונא", פיליפּ קראַנץ, דער מאַן וואָס האָט אַמאָל אין לאָנדאָן אָפּגעלאַכט פון די „אומפּאַרטייאישע" און האָט זיי אָנגערופן „פּאַרווע לאָקשן", וואָס דאָס האָט אויך כולל געווען ווינטשעווסקין אַליין — אָט דער מאַן איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דעם „אבענדבלאַט". ווי לאַנג איז דער שיעור צו שווייגן ? איז ווינטשעווסקי אין דעם 15טן נומער „אמת" ארויס פון דער פאַמיליע אַטמאָספערע און האָט זיך דאָן קיכאָטיש געשטעלט אין דער קאָמאַנדע פון די „קעמפנדע" רייען. זיין ערשטע אַטאַקע איז געווען אַן אַרטיקל מיט דעם נאָמען „פויל אָדער צוגעפוילט" ? איין גאָט ווייסט, אַז דאָס אַרטיקל איז געווען אַ מיטלמעסיקע זאַך. היינט וואָלט זיך קיין מענטש אויף דעם ניט אומגעקוקט. אָבער דעמאָלט ? דעמאָלט איז געווען אַלץ אַנדערש. ווינטשעווסקיס רעפּוטאַציע, די אויפגערעגטע געמיטער און די אָנגעצויגענע שטימונג פון ביידע זייטן, האָבן דעם אַרטיקל צוגעגעבן גרויס וויכטיקייט, און דאָס פייער פון מחלוקה האָט זיך אויפסניי צעבלאָזן.

דאָס „אבענדבלאַט" האָט געענטפערט, אַז דער רעדאַקטאָר פון „אמת" פאַרשטייט גאָר ניט די היגע באַוועגונג, אַז זיין עובדא איז און דאַרף זיין די עובדא פון אַ „הויף אַמוזירער" א. אַ. וו. איך האָב דעמאָלט צוגעשיקט אַן אַרטיקל צום „אמת", וואָס האָט געהייסן: „זעלבסטקריטיק אָדער גלאַטקריטיק". דאָס דאָזיקע אַרטיקל האָט ווינטשעווסקי אָפּגעדרוקט אין דעם „אמת" נומער 22.

קלמן מרמר, רעדנדיק וועגן דעם „אמת" מאַכט די הערה:

ווינטשעווסקי האָט אויך געגעבן אַ מוסטער פון פרייער פּרעסע און פרייער קריטיק דורכדעם וואָס ער האָט געדרוקט אינם „אמת" אַ שאַרפן ענטפער פון יעקב מילך אויף זיין אַרטיקל „פויל אָדער צוגעפוילט" צוזאַמען מיט אַ גאַנצער ריי רעדאַקציאָנעלע באַמערקונגען. (מרמ'ס: מאָריס ווינטשעווסקי, זיין לעבן א. אַ. זייטע 200).

כדי צו באַווייזן וואָסער „מוסטער פון פרייער פּרעסע און פריי־ער קריטיק״ דאָס איז געווען, וועל איך זיך אָפּשטעלן אויף דעם אינצידענט אַביסל אויספירלאַכער.

נאָכדעם ווי עס איז דערשינען דער „אמת״ מיט דעם אַרטיקל „פויל אָדער צוגעפוילט״, האָב איך געשריבן אַ בריוול צו ווינ־טשעווסקין און ביי אים געפרעגט צי ער וועט דרוקן אַן ענטפער פון מיר. דער קומענדיקער נומער „אמת״ האָט מיט זיך געטראָגן דעם דאָזיקן ענטפער אין זיין „בריווקאַסטן״:

„יעקב מילך, ניו יאָרק — צי מיר וועלן אָננעמען אייער קריטיק צי ניט, וועט אָפּהענגען פון דעם טאָן, פון דער לענג און דערפון אויב מיר אַליין וועלן אַזאַ קריטיק האַלטן פאַר נוצלאַך. טוט וואָס אַלע טוען: שרייבט אויף, שיקט צו, און פאַרלאָזט זיך אויף אונזער יושר. פאַרגעסן דאַרפט איר ניט, אַז אונזער קריטיק אַרום וועלכן איר רעדט, איז נאָך דערווייל אַ מין נשמה אונטער דעם כסא הכבוד, זי איז נאָך אויף דער וועלט ניטאָ״.

דאָ האָבען מיר דעם ערשטן „ברוך הבא״ פון אַ מוסטער פון פרייער פּרעסע. איך האָב זיך פאַר דעם „בריווקאַסטן״ ניט דער־שראָקן. ווינטשעווסקי האָט גאַנץ גוט געוואוסט, און אַלע אַנדערע האָבן געוואוסט, אַז איך האָב געהאַט אַ ציטונג וואו צו פאַרעפנט־לאַכן מיין ענטפער, איך האָב פונדעסטוועגן געשריבן צום „אמת״. דאָס פאָלגנדע איז דער אַריינפיר צו מיין אַרטיקל:

„זעלבסט קריטיק אָדער גלאַט קריטיק?
צו דער רעדאַקציע פון „אמת״

איך וואָלט אייגנטלאַך באַדאַרפט אָנהויבן מיט דעם לעצטן בריווקאַסטן פון „אמת״. איך וואָלט באַדאַרפט אויפ־מערקזאַם מאַכן אויף דעם, אַז די דריי באַדינגונגען, וועלכע דער „אמת״ האָט מיר געשטעלט זיינען אין אמת'ן איין איינ־ציגע באַדינגונג — אַ באַדינגונג וועלכע גיט דעם רעדאַקטאָר אימער דעם פאָרצוג צו פאַרוואַרפען — ווען ער זאָל קיין יושר

ניט האָבן — אפילו די בעסטע קריטיק. „דער טאָן, די לענג און צי עס איז נוצלאַך" איז נאָר אַ געשמאַק זאַך... איך וואָלט, אַלזאָ, באַדאַרפט באַווייזן, אַז די אַנטוואָרט האָט גע־קענט געזאָגט ווערן אין די פאָלגנדע ווערטער:

מיר וועלן אייער קריטיק פאַרעפנטלאַכן אויב ס׳וועט אונז געפעלן. און „אונז געפעלן" — קען דאָך קיין זאַך ניט. דאַן וואָלט איך באַדאַרפט קומען צו דעם אונטערשייד פון זעלבסט קריטיק און זעלבסט קריטיקירן און באַווייזן אַז עס איז ניט קיין חכמה צו זיצן אויף דעם „כסא הכבוד" און האַלטן די נשמות פאַרשפאַרט אונטער דעמזעלבן, שרייענדיק, אַז מען העט און מען וועט, און סע קומט און סע גייט, און געבן איין אָנצוהערעניש, און געבן נאָך אַן אָנצוהערעניש און צו דערזועלבער צייט פאַרמאַכן אַנדערע דאָס מויל מיט באַ־שרענקונגען..."

איך וועל דעם לעזער ניט איינמאַטערן מיט ווייטערע ציטאַטן. איך האָב נאָר געוואָלט געבן אַ „מוסטער" פון שאַרפע קריטיק, וואָס איז צו דערזעלבער צייט געהאַלטן געוואָרן אין די ראַמען פון אָנ־שטענדיקייט.

ווינטשעווסקי האָט דאָס אַרטיקל געדרוקט, אָבער ווי אַזוי? צו דעם אַרטיקל האָט ער צוגעטשעפּעט אפשר אַ טוץ הערות, וואו ער האָט מיך גאַנץ גוט אָנגעזידלט, האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף איינ־ציגע פראַזן, און זאָגאַר אויף ווערטער וואָס זיינען אויגנשיינלאַך געוועזן שרייב פעלערן, און האָבן זיך ניט ווילנדיק אַרויסגעגליטשט פון דער פעדער. למשל, אויף דער פראַזע: „און אונז געפעלן — קען דאָך קיין זאַך ניט", האָט ער געמאַכט אַבאַמערקונג צו באַווייזן, אַז איך קען ניט שרייבן קיין אידיש, און אַז די גאַנצע פראַזע איז ניט לאָגיש. אויף אַן אַנדער אָרט האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון פעדער דאָס וואָרט „טעמפּעראַטור" אָנשטאָט „טעמפּעראַמענט" און זיכער ווינטשעווסקי האָט אַ באַמערקונג צו באַווייזן, אַז איך באַלאַנג צו די בעזגראַמאָטנע, א. א. וו. אַלץ לויט דעם ווי עס פאָדערט דער אמת׳ער פּרינציפּ פון „פרייער פּרעסע".

וועגן דעם פּונקט שרייבט אב. קאַהאַן :

„ווינטשעווסקי האָט געקענט ענגליש פון לאָנדאָן, און ער איז באַקאַנט געוואָרן מיט דער אַמעריקאַנער זייט פון אונזער באַוועגונג באַלד ווי ער איז אַהער אַריבערגעקומען. זיין מיינונג וועגן דעליאָן איז געווען די זעלבע ווי מיינע. אין באַצוג אָבער צו זיין אַטאַקע אויף דער אַסאָסיאיישאָן, בין איך און דאָס רוב פון די אַנדערע אָפּאָזיציאָניסטן געווען איינפאַרשטאַנען מיט קראַנצן און מיט מילכן, אַז ער טשעפּעט זיך סתם אין דער וועלט אַריין". (אב. קאַהאַנס „בלעטער פון מיין לעבן", באַנד דריי, זייט 414).

קאַהאַן און ווינטשעווסקי זיינען, בכן, געווען איינשטימיק נאָר אין איינאיינציקן פּונקט. „זיין מיינונג וועגן דעליאָן איז געווען די זעלבע ווי מיינע", זאָגט אב. קאַהאַן ; „וועגן דעליאָנען... האָט ווינטשעווסקי שוין פריער געהאַט אַ שלעכטע מיינונג, וואָרים אב. קאַהאַן... אין לאָנדאָן (אין די זומערן 1892־1893) האָט אים דערציילט, אַז דעליאָן איז אַ מין פּאַרטיי טיראַן, וואָס האָט כסדר געוואָלט „שפּילן די ערשטע פידל", זאָגט קלמן מרמר, כמעט מיט ווינטשעווסקיס מויל. אַן אינטערעסאַנטע איבעראיינשטימונג.

פונדעסטוועגן האָבן זיי אַלע געאַרבעט צוזאַמען, און די צאַנקערייען און די רייסערייען זיינען אָנגעגאַנגען, ווי מען זאָגט, מיט פול פּאַרע.

אכטער קאפיטל

# דער שידסגעריכט

דעם 28טן דעצעמבער, 1895, איז ווידער פארגעקומען א אידישער פארטיי צוזאמענפאר. דאס מאל אין ניו יארק. אפשר וועט ניו יארק זיין מזלדיקער.

כדי זיך דא איינצושפארן א שיין ביסל ארבעט, און צו דער זעלבער צייט ניט איבערצורייסן דעם המשך פון מיין סיפור המעשה, וועל איך נאכגיין בורגינס פילדערמאנטע געשיכטע. בורגין, אמת, איז שטארק אינספירירט אין די פרטים, אין דעם עיקר אבער, איז ער קארעקט.

שרייבט בורגין:

„די קאנווענשאן האט גיכער אויסגעזען ווי א געריכט וואו דער אנגעקלאגטער איז געווען די 'פובלישינג אסאסיאיישאן'. א גאנצע רייע קלאגן זיינען פארגעבראכט געווארן קעגן די אסאסיאיישאן: זי נעמט ניט אריין קיין נייע מיטגלידער, זי גיט ניט אפ קיינע באריכטן פון די פינאנצן, זי פארטרייבט די אינטעליגענטן, א. א. וו.‟ (די אלטע טענות — י. מ.).

„די פובלישינג אסאסיאיישאן ווידער האט ארויסגעשטעלט באשולדיגונגען קעגן קאהאנען און ווינטשעווסקי, וועלכע זיינען געווען די הויפט פירער פון דער אפאזיציע. קאהאנען האט זי באשולדיגט, אז אלס רעדאקטאר פירט ער זיך אויף קאפריזנע (איך האב מורא, אז דאס איז א ביסל צו מילד — י. מ.).

„ווינטשעווסקין האט זי באשולדיגט, אז ער גראבט זיך אונטער איר בלויז דערפאר, וואס מען שטעלט אים ניט אן אלס רעדאקטאר.

. . . „דער פּאַרטיי טאָג האָט דארום אָנגענומען פֿיגענבוימס פֿאָרשלאָג, דאָס דער סכסוך מיט דער אַרבעטער ציי־טונג פּובּלישינג אַסאָסיאיישאָן זאָל איבערגעגעבן ווערן צו דער נאַציאָנאַל עקזעקוטיווע פון ס. א. פּ. (סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי — י. מ.). די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע, וועלכע איז באַשטאַנען פון אַלעקסאַנדער יאָנאַס, דאַניעל דעליאָן, לוסיען סעניעל, הוגאָ פֿאָגט און הענרי קוהן, האָט זיך אונטערגענומען צו דינען אַלס שידס־געריכט צווישן דער קאָנווענציאָן און דער „אַרבעטער צייטונג" פּובּלישינג אַסאָסיאיישאָן*).

„אַב. קאַהאַן, דער רעדאַקטאָר פון דער „אַרבעטער צייטונג" האָט וואַרעם באַגריסט דעם שידסגעריכט. ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט אין דער „אַרבעטער צייטונג", איז דער שידס־געריכט ביי די אומשטענדן דער בעסטער מיטל וואָס מען קען געפינען. און ער האָט אויסגעדריקט זיין איבערצייגונג, אַז וואָס דער געריכט וועט ניט אַנטשיידן, וועלן זיך ביידע צדדים אונטערוואַרפן.

מ. ווינטשעווסקי, ווידער, האָט אין „אמת" קריטיקירט קאַהאַנס שטעלונג. ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז פאָרוים . . . דאַרף די אָפּאָזיציאָן קיינע פֿאַרשפּרעכונגען ניט געבן . . . דער שידסגעריכט האָט אָפּגעהאַלטן 18 זיצונגען, אויף וועלכע ער האָט פֿאַרהאַנדלט פֿאָלגענדע פראַגן : 1) די רעדאַקציאָנעלע פֿירונג פון „אבענדבלאַט" ; 2) די סיסטעם און די אויפפירונג

---

$) אַלעקסאַנדער יאָנעס איז געווען רעדאַקטאָר פון דער דייטשער טעג־לעכער „פֿאָלקסצייטונג" זינט 1878, מיט דעם באַרימטן שעוויטש אַלס הילפס רעדאַקטאָר. מען קען זאָגן, ער איז געווען דער פֿאָטער פון סאָציאַליזם אויף דער אידישער גאַס. ער איז געווען באַליבט ביי די אידישע אַרבעטער מער ווי יעדער אַנדערער. דאַניעל דעליאָן האָב איך שוין פריער פֿאָרגעשטעלט. לוסיען סעניעל איז געווען אַ פראַנצויזיש אַמעריקאַנישער סאָציאַליסט, וואָס איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1871, באַלד נאָך דער פּאַריזער קאָמונע. ער איז געווען אַ געלערנטער סאָציאָלאָג, אַ שריפטשטעלער און אַ בריליאַנטענער רעדנער אין ענגליש. מען פלעגט זיך וויצלען, אַז די אַמעריקאַנער אַרבעטער ווען זיי הערן אים ריידן וואונדערן זיי זיך ווי ענלעך פראַנצויזיש איז צו ענגליש. הוגאָ פֿאָגט איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דעם וועכנטלעכן „פֿאָר־ווערטס" אַ דייטשע אויסגאַבע פון דער ס. א. פּ. הענרי קוהן איז געווען דער גענעראַל סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי.

פון דער ארבייטער ציימונג פובלישינג אסאָסיאיישאָן; 3) די אויפפירונג פון אב. קאהאן אלס רעדאקטאָר פון דער „ארביי־טער ציימונג" 4) די אויפפירונג פון רעדאקטאָר (מ. ווינ־טשעווסקי) און פון די ארויסגעבער פון „אמת"; 5) פון ווע־מען און ווי אזוי די קאָנווענציאָן איז געווען צוזאמענגעשטעלט.

„די פראגע וועגן דער רעדאקציאָנעלע פירונג פון „אבענד־בלאט" איז באשטאנען אין די קלאגען, וואָס די ציימונג איז ווייניג סאָציאליסטיש און וואָס דער רעדאקטאָר קראנץ טויג ניט. דער שידנסגעריכט האָט אנטשידן: די ציימונג גיט טאקע ווייניג סאָציאליזמוס; אָבער שולדיג אין דעם איז די פארטיילונג פון די דרוק שטאָפן צווישן דער „ארבעטער ציי־טונג" און דעם „אבענדבלאט" (די „ארבעטער ציימונג" פלעגט פארכאפן ארטיקלען פאר זיך — י. מ.). וואָס אנבאלאנגט קראנצן, איז ער פעאיג און פאסענד פאר זיין ארבעט."

די קלאגן קעגן דער „ארבעטער ציימונג" פובלישינג אסאָ־סיאיישאָן זיינען באשטאנען אין דעם, וואָס עס איז ניט אזוי לייכט איר אריינצודרינגען, וואָס זי פארעפנטליכט ניט אירע באריכטן און וואָס די געלד חשבונות זיינען ניט אין אָרדנונג. די אנטשיידונג פון דעם געריכט לויטעט, אז דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס די אסאָסיאיישאָן איז אַן אינקאָרפאָרירטע, מוז זי דארום זיך פירן לויט די כללים וואָס זיינען גוט געהייסן פון דער רעגירונג; אז טראָץ דעם ווערן נייע מיטגלידער יאָ אריינגענומען; אז די געלד חשבונות זיינען אין גוטער אָרד־נונג. וואָס אנבאלאנגט די ביכער, גיט די אנטשיידונג צו אז די אסאָסיאיישאָן פלעגט זיך טאקע אנטזאגן צו ווייזן זיי בע־פאָר די קאָנווענציאָן."

„וועגן קאהאנען לויטעט די אנטשיידונג, אז די רעדאקצי־אָנעלע זייט פון זיין ארבעט איז גוט. וואָס אנבאלאנגט זיין אויפפירונג, ערקלערט זיך דאָס מיט דעם, וואָס ער איז נערוועז און האָט א היציקן טעמפעראמענט."

„וועגן דעם „אמת" און ווינטשעווסקי האָט דער געריכט אנטשידן: 1) דער רעדאקטאָר און די ארויסגעבער פון דער ציימונג פארשפרייטן און זעען אומצופרידן; 2) ווינטשעווסקי איז ווייניג באקאנט מיט די אומשטענדן, און איז אומפאסיק

צו האָבן אונטער זיין השגחה די רעדאַקציאָנעלע פירונג: דאַ־רום האָט די „ארבייטער צייטונג" פובלישינג אסאָסיאיישאָן געהאַט דאָס רעכט ניט איינצושטימען מיט דער קאָנווענציאָן, דאָס ווינטשעווסקי זאָל אָנגעשטעלט ווערן אַלס צווייטער רע־דאַקטאָר; 3) ווינטשעווסקי, אָבער, איז אַלס טאַלאַנטפולער שרייבער א ווערטפולער מיטארבעטער . . .

„און נעמענדיק דאָס אַלעס אין אָנבאַטראַכט, האָט דער געריכט געפאַסט די פאָלגענדע באַשליסע:

1) דאָס די ביכער פון דער ארב. צייט. פוב. אַס. זאָלן רעווידירט ווערן יעדע דריי מאָנאַטן דורך אַן עקספּערט, אָנגע־שטעלט פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון דער פּארטיי.

2) דאָס די ארויסגאַבע פון דער ארבעטער צייטונג פוב־לישינג אַסאָסיאיישאָן זאָל רעאָרגאַניזירט ווערן. אין ארבעטער צייטונג זאָל זיין שטאָף אויך פון „אבענדבלאַט" און פארקערט.

3) דאָס די „וועכנטליכע ארב. צייטונג זאָל זיין דער אָפּי־ציעלער אָרגאַן פון דער ס. א. פּ. דער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג זאָל דערוועלט ווערן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון דער ס. א. פּ. און פון דער פּובלישינג אַסאָסיאיישאָן.

4) דאָס די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע נאָמינירט אב. קאַ־האַן אַלס רעדאַקטאָר פון דער ארב. צייטונג.

5) דאָס די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון דער ס. א. פּ. זאָל דינען אַלס „באָארד אָוו גריוועגס" (אַן אויסגלייך קאָמיטעט — י .מ.) פארן אב. בל.

6) דאָס פּ. קראַנץ זאָל בלייבן רעדאַקטאָר פון אב. בל.

7) דאָס ווינטשעווסקי זאָל אָנגעשטעלט ווערן אַלס שריי־בער פון אב. בל. *)

עד כאן בורגין.

איך האָב אויסגעשריבן דעם לאַנגן, און אביסל לאַנגווייליגן, פּראָטאָקאָל פון בורגין כדי ארויסצוברענגען דעם אומבאַשטרייטבארן

*) בורגינס: געשיכטע פון דער אידישער ארבעטער באַוועגונג) 282 ביז 386. ווען מען לייענט אַט דאָס ווי משה שטאַרקמאַן גיט דאָס איבער מיט זיין לשון, באַקומט זיך דער איינדרוק, אז דער פאַרוואַלטונגס ראַט איז גע־וואָרן פאַראורטיילט.

פאקט, אז דער שידסגעריכט, וואָס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון פינף פון די געאַכטעסטע מענטשן אין דער אַלגעמיינער פּארטיי, דריי דייטשן, איין אַמעריקאַנער און איין פראַנצויז, האָט, פּונקט ווי דער נואַרקער פּארטיי טאָג מיט צוויי יאָר פריער, זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער „קליקע", דאָס הייסט, פון דעם פאַרוואַלטונגס ראַט, וואָס האָט געזאָלט האָבן פאַרכאַפּט די צייטונג.

מיר האָבן פריער געזען, אַז קאַהאַן האָט פאַרשפּראָכן זיך אונ־טערצואוואַרפן דעם שידסגעריכט ווי די אַנטשיידונג זאָל ניט אויס־פאַלן. האָט ער דאָס געטאָן?

אויף דער זייט 390 פון דעם נאָר וואָס ציטירטן בוך, שרייבט בורגין ווייטער:

„אגב איז דער שידסגעריכט פּאַרטיק געוואָרן מיט זיין אַרבעט, און האָט שוין אַרויסגעגעבן דעם אורטייל וועלכער האָט די געגנער פון פּובלישינג אַסאָסיאיישאָן ניט צופרידנגעשטעלט. און ער האָט גאָר ניט געקענט צופרידנשטעלן. וואָרים דער געריכט האָט איבערגעלאָזן אַלץ ביים אַלטן. ער האָט זיך נאָר געסטאַרעט צו פאַרגלעטן, צופרידנצושטעלן ביידע צדדים. קאַ־האַן האָט אויפן שטעל רעזיגנירט אַלס רעדאַקטאָר. זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען פיליפּ קראַנץ.

קאַהאַן האָט, בכן, דעם שידסגעריכט ניט געפאָלגט. אָבער דאָס איז ניט געווען דאָס ערגסטע וואָס ער האָט געטאָן. ער האָט אָנ־געהויבן אַ נייע אַטאַקע. קאַהאַן האָט אָפּט רעזיגנירט, אָבער ער האָט קיינמאָל ניט רעזיגנירט לשם רעזיגנאַציע. יעדעס מאָל ווען ער האָט דאָס געטאָן, האָט זיך אַלעמאָל געפונען „אַ קאָמיטעט פון פאָלק", וואָס האָט זיך אַריינגעלייגט און אים פּעטיציאָנירט ער זאָל צוריק קומען, און קאַהאַן, ווי אַ גוטער גענאָסע, האָט זיך געלאָזן איבערבעטן.

דאָס מאָל איז צוגעגאַנגען אַביסל אַנדערש.

צו יענער צייט איז קראַנץ אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט". ביי יענע אומשטענדן איז געווען נאַטירלעך אַ טייל פון דער אַרבעט זאָל פאַרנעכלעסיקט ווערן, איז די „צוקונפט" געווען דער שעיר לעזאזל. איך געדענק ניט גענוי ווי אַזוי דאָס איז געשען, אָבער איך געדענק גאַנץ גענוי ווי קראַנץ האָט זיך פאַר מיר באַקלאָגט, אַז

קאהאן האָט ארויסגענומען די „צוקונפט" פון זיין האנט אָן זיין ווילן. ווי די מעשה זאָל ניט זיין, קאהאן האָט געהאט די „צוקונפט" אין זיינע הענט און ער האָט דעם פאקט אויסגענוצט פאר די צוועקן פון קאמף. אין איינעם פון די נומערן „צוקונפט" איז ער ארויס מיט אַן ארטיקל: „די טאגעספראגע". דערדאָזיקער ארטיקל האָט ארויס־גערופן גרויסע פּראָטעסטן.

דאָס איז געשען אין זומער פון 1896. צו ענטפערן אויף דער נייער אטאקע האָט קראנץ איינגעפירט אין דער ארבעטער צייטונג אַן אָפּטיילונג „אונזער מחלוקה".

„. . . י. מילך האָט אין דיזער אָפּטיילונג אָנגעפאנגען אַ רייע פאָלעמישע ארטיקלען אויף צו דערווייזן, אַז עס זענען ניטאָ קיין צוויי צדדים און ניט קיין טאָגעספראגן א. א. וו." (בורגין 392).

משה שטארקמאַן האָט פארעפנטלעכט דעם פאסקוויל פון מיל־לערן. ער האָט אפילו פארעפנטלעכט עפּעס אַ שמירעריי פון דעם לעכערלעכן „טאגעבלאט". ער האָט אָבער ניט געפונען פאר נויטיק איבערצוגעבן איינעם פון אונדזערע דאָקומענטן. ער האָט אפילו ניט פארעפנטלעכט דעם ענטפער פון דער פובלישינג אסאָסיאיישאָן אויף מילערס פאסקוויל. איך וועל דערפאר זיך נעמען דאָס רעכט צו פאר־עפנטלעכן אַ טייל פון יענעם ארטיקל מיינעם וואָס בורגין דערמאָנט. איך וויל דאָס טאָן שוין צוליב דעם אליין אָנצווייזן אין וואָסערן גייסט אונדזער צד האָט געפירט די מחלקה.

וואָס איז די טאָגעס פראגע?

„אין לעצטן נומער „צוקונפט" איז דערשינען אַן ארטיקל אונטער דעם טיטל „די טאגעס פראגע און די אידישע אָפּטיי־לונג פון דער סאָציאליסטישער באוועגונג". אַז דיזער ארטיקל האָט זיך ניט געפּאסט אין דער „צוקונפט" האָט זאָגאר דער שרייבער פונם ארטיקל זייער גוט געפילט, ווי עס באווייזן די תרוצים זיינע, וואָס ער גיט באלד אין אָנפאנגס פון זיין אר־טיקל. אַז דער ארטיקל פּאסט זיך אין ערגעץ ניט, האָף איך דאָ צו באווייזן . . .

פאר אלעם לאָמיר זיין קלאָר אין וואָס דאָ האנדלט זיך. וואָסערע אויסערגעוויינלעכע זאַך איז עס דאָ געשען, צוליב וועלכע מען האָט געמוזט קלאפּן טרעוואָגע?

נאָך געג. אב. קאהאן, וועלכער שרייבט דעם גענאַנטן אַר־טיקל אין דער „צוקונפט״: „פאַר די רעדאַקציאָן״, קומט אוים, אַז די לאַגע אין דער באַוועגונג איז זייער אַ טרויעריגע, אַז אין דער אידישער אָפּטיילונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג שטייען צוויי קעמפענדע מחנות, צוויי פיינדליכע צדדים, אַז פון איין זייט שטייען אַלע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציאָנען מיט לײדיגע הענט, נעבעך, און קענען זיך ניט ווערן, ווערנד פון דער צווייטער זייט שטייט איין איינציקע אָרגאַניזאַציאָן מיט אַ מעכטיגע וואפע אין איר האנט — מיט צוויי צייטונגען — און באַקעמפן די גאַנצע אידישע באַוועגונג *). דער סקאַנדאַל איז נאָך גרעסער, וואָס די וואפע — די צייטונגען — מיט וועלכע די „איינציקע״ אָרגאַניזאַציאָן באַקעמפּט די אַלע איב־ריגע איז די זעלבע וואָס דיזע אָרגאַניזאַציאָנען האָבן מיט זייערע אייגענע הענט געשמידט. אונטער אַזעלכע טרויעריקע אומ־שטענדן איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז ער, קאהאַן, דער אַגי־טאַטאָר, דער רעדנער און דער שרייבער, האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און האָט פאַרנומען צען גאַנצע פּיידזשעס אין דעם וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל. צוליב דיזן איז די „צוקונפט״ אַרוים מיט דריי טעג שפּעטער ווי געוויינלעך. צוליב דיזן וועט די רעדאַקציע פון „צוקונפט״, ד. ה. אב. קאהאַן אַרויסגעבן אַזוי אָפט ווי עס וועט זיך פאָדערן באַזונדערע ביילאַגעס.

ווי קען מען דען אַנדערש? ווי קען מען דאָס שטיין מיט לײדיקע הענט קעגן אַזאַ מעכטיקן שונא פון דער סאָציאַליס־טישער באַוועגונג, ווי די „אַרבעטער צייטונג״ פּוב, אסס׳ן מיט „זייערע״ צוויי אָרגאַנען? ער פאָדערט נור איין זאַך: אין דעם קאַמף זאָל מען האַנדלען ווי „דזשענטלמען״, מען זאָל פירן דעם דועל אויפן ציוויליזירטן אופן, מען זאָל זיך שיקן סעקונדאַנטן, מען זאָל זיך חלילה קיין גראָב וואָרט ניט זאָגן און אַזוי ווייטער.

---

*) עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן ווי ענלעך דער אַרגומענט קאהאַנס איז צו זיינע הייניטיקע אַרגומענטן קעגן די „מיליטאַנטן״ אין דער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי.

דער נאַאיווער לעזער, דער לעזער וואָס גלויבט באמונה שלימה, אַז די בעלי בתים און אַרויסגעבער פון דער „צוקונפט״ זיינען די זעלביקע אידישע שפּרעכענדע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציאָנען פון גאַנצן לאַנד (וועגן דיזן פּונקט וועלן מיר נאָך ווייטער ריידן) ווערט אודאי אויפגעקאָכט, הערנדיק אזא הימל־שרייענדע רציחה און צוזאַמען מיט גענ. קאַהאַן שריט ער גאַנץ אומשולדיק אויס: „אַ אידישע סאָציאַליסטישע קאָנווענציאָן און אַן אָנפאַנג פון אַ נייע, פון אַ פריינטליכע ערא!״ איך פרעג אָבער יעצט: איז דאָס אַלץ אמת? איז אמת, אַז די „אַרבעטער ציטונג״ און אבענד בלאַט״ שטייען פון איין זייט און די אידישע באַוועגונג פון אַ צווייטע? איז אמת, אַז די „אַרבייטער צייטונג״ פּוב. אַס׳ן באַנוצט „אירע אָרגאַנען צו באַקעמפן די אידישע אָרגאַניזאַציאָנען? איז אמת, אַז די אידישע גענאָסן קענען ניט זאָגן זייער מיינונג אין דער „אַרבעטער צייטונג״ איז אמת, אַז גענ. קאַהאַן קען אין דער „אַרב. צייטונג״ ניט שרייבן, אַז ער מוז אַזש באַנוצן די „צוקונפט״ און אַרויסגעבן באַזונדערע ביילאַגעס? קען ניט גענ. קאַהאַן זיין דער רעדאַקטאָר פון דיזער „געגנערישער״ צייטונג און זי באַנוצן אַלס וואַפּע פאַר די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציאָנען? קען גענאָסע ווינטשעווסקי ניט שרייבן אין דיזע „געגנערישע״ צייטונגען? האָט ניט גענ. זאַמעטקין ערשט יענע וואָך געשריבן געגן רעדאַקטאָר פון דער „אַרבעטער צייטונג״ — אין דער „אַרבעטער צייטונג״? האָט ניט דער רעדאַקטאָר פון דיזער „געגנערישער״ צייטונג, גענ. קראַנץ, געעפנט די קאָלומס פאַר אַלע גענאָסן? האָט ער ניט אויסגעשפּראָכן זיין וואונטש צו זיין פּאָלשטענדיק אומפּאַרטייאיש? האָט זיך די „אַרבעטער צייטונג״ פּוב. אַסס׳ן ניט דערקלערט באַרייט אַוועקצוגעבן די „אַרבעטער צייטונג״ מיט דעם „אַב. בל.״ מיט דעם גאַנצן אייגנטום פון די זעלבע צו די סאָציאַליסטישע אַרב. פּאַרטיי? איז דען ניט גענ. זאַמעטקין דער נייעם שרייבער פון דעם „אַב. בל.״? און זייט ווען איז דאָס גענ. קראַנץ געוואָרן אַ געגנער? איז ער ניט דער ערשטער, אַבסאָלוט, דער ערשטער אידישער סאָציאַל דעמאָקראַטישער שרייבער און רעדאַקטאָר? איז ער נישט דער ערשטער רע־

דאָקטאָר פון די „אַרבייטער צייטונג” איז ער ניט געווען דער ערשטער רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט”? וואו זיינען דאָ פאַראַנען צוויי צדדים? ווייטער, האָט די אַרבעטער צייטונג פּוב. אַסס’ן זיך ווען עס איז שולדיג געמאַכט אין פּרינציפּלאָזיקייט? האָבן „זייערע” אָרגאַנען „אָט דיזע וואָפּפען געגען די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציאָנען” ווען עס איז געהאַנדלט אומפּרינציפּיעל אָדער אומהערליך? האָבן זיי ווען עס איז געצויגן וועלכע עס איז פּערזענלעכע נוצן? האָבן זיי ווען עס איז געהאַט אַנדערע אינטערעסן אויסער די אינטערעסן פון די גאַנצע אַרבעטער באַוועגונג? וואו זיינען די צוויי צדדים?

אויף דיזע אַלע פראַגן וועט דער לעזער אומזיסט זוכן אַן ענטפער אין גענ. קאַהאַנס אַרטיקל.

וואָס דען איז זיין טאַגעס פראַגע?

איז עס אפשר אַ פראַגע פון פּערזענלעכקייט? חלילה!

דער רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט” זאָגט אויך בפירוש, אַז עס האַנדלט זיך ניט אום פּערזענלעכע פאַרהעלטניסע אָדער געפילן, זאָנדער אום אַ וויכטיגע — די וויכטיגסטע, אייגנטלעך־זאַך אין דער אידישער באַוועגונג”, נעמלעך, ווער זאָל זיין דער בעל הבית פון די צוויי צייטונגען, ווער זאָל אָנשטעלן אָדער אָפּזאָגן אַ רעדאַקטאָר, ווער זאָל באַשליסן צי דיזער אָדער יענער מענעדזשער איז גוט אָדער שלעכט, ווער זאָל אַריינזעצן אָדער אַרויסוואַרפן אַ בוכהאַלטער, ווער זאָל באַשטימען אַ פּרייז פאַר דיזן אָדער יענעם מיטאַרבעטער, ווער זאָל שטעלן אַ פּרייז פאַר דיזע אָדער יענע אַדווערטייזמענט א. א. וו. אָט דאָס איז די וויכטיגסטע פראַגע אין דער אידישער באַוועגונג. צוליב דיזע פראַגע ווערט דאָס פאַרשוועגדט אַזוי פיל ענערגיע. צוליב דיזן צוועק זיינען דאָס באַזאָרגט געוואָרן ספּעציעלע פאָנדן, וועלכע פילע גענאָסן האָבן זיך גענומען שאַפן. „צוליב דיזע פראַגע האַלט מען דאָס קאָנפערענצן; צוליב דיזע פראַגע האָט מען גערופן אַ ספּעציעלע קאָנווענציאָן; צוליב דיזע פראַגע פאָרט אב. קאַהאַן אַרום אַגיטירן; צוליב דיזע פראַגע גיט מען אונזערע שונאים, די שמוציגסטע מענשען, אַ געלעגענהייט צו מאַכן סענסאַציאָנען פאַר זייערע שמוץ־בלעטלעך;

צוליב דיזע פראגע פארנאכלעסיגט מען די גאנצע סאָציאַליס־טישע פּראָפּאגאנדע, די גאנצע וואהל אגיטאציע און מען קעמפט געגן אייגענע ברידער".

דערדאָזיגער נייער קאמף, ווי עס האָט אויסגעזען, וועט ווערן העפטיגער ווי וועלכער אנדערער קאמף ביז אהער. איז פון אלע זייטן געשטעלט געוואָרן די פאָדערונג פאר שלום. גלייכצייטיג איז דעמאָלט פאָרגעקומען די ניינטע קאָנווענציע פון דער סאָציאליסטישער ארבע־טער פארטיי. יענע קאָנווענציע האָט זיך באשעפטיגט הויפטזעכלעך מיט אונזערע מחלקות, און זי האָט זיך געענדיקט מיט אן אויפפאָ־דערונג פאר שלום. האָב איך באלד איבערגעהאקט די סעריע, וואָס איך האָב אָנגעהויבן מיט פאָלגענדן בריוו צום רעדאקטאָר:

„געעהרטער רעדאקטאָר: — דערלויבט מיר פלאץ פאר די פאָלגענ־דע דערקלערונג:

ווען איך האָב געשריבן מיין ערשטן ארטיקל איבער „אונזער מחלקה" (און דאָס איז געווען שבת דעם 4טן יולי, ווען די קאָנווענ־ציאָן האָט זיך נור אָנגעהויבן), האָב איך גערעכנט צו שרייבן עטלי־כע ארטיקלען אין וועלכע איך האָב געוואָלט באווייזן דעם אורשפּרונג, די מאָטיוון און דעם צוועק פון „אונזער מחלוקה", אויך די ארט און ווייזע ווי אזוי די מחלוקה ווערט אָנגעפירט. מיט דעם באשלוס פון דער קאָנווענציע האָט זיך אָבער די סיטואציע אין גאנצן געענ־דערט, און איך האלט עס איצט פאר מיין פליכט אונזער מחלוקה אָפּ־צוהאַקן, טראָץ דעם וואָס מאנכע באהויפּטונגען דארפן נויטיק באַ־ענטפערט ווערן. איך רעכן, אז יעצט איז די פליכט פון אלע ער־לאַכע סאָציאַליסטן צו מאכן אן ענדע צו אלע צאנקערייען אום יעדן פרייז. איך וועל דארום מיינע ווייטערע ארטיקלען ניט פאָרטזעצן.

אכטונגספול,

יעקב מילך.

אָט אזוי האָבן מיר פון אונזער זייט געוואָלט שלום. אָבער — אין שלום לרשעים, ווי דער פסוק זאָגט.

## ניינטער קאפיטל

# דער „שלום"

די מחלוקה, ווי מיר ווייסן שוין, איז אויך דאָס מאָל ניט געוואָרן אָפּגעשטעלט. האָט מאַרים ווינטשעווסקי זיך פאַרגענומען צו טויטן דעם פאַרוואַלטונגס־ראַט און הויפּטזעכלאַך קראַנצן מיט חוזק. האָט ער מטריח געווען דעם „משוגענעם פילאָזאָף" מיט זיין „אייניקל" און האָט זיי ביידן אריינגעצויגן אין דעם שטרייט. צו באַגעגענען דעם זיידן אויף זיין אייגענעם פעלד, האָב איך דעמאָלט אנגעהויבן צו שרייבן א ריי פעליטאָנען אונטער דעם נאָמען „געדאנקען פון א פּראָסטאַק" (דער ערשטער פעליטאָן איז דערשינען פעברואַר 1897) דאָ זיינען זיך צוזאַמענגעקומען פּנים אל פּנים די „גראַמאָטנאָסט" מיט דער „בעזגראַמאָטנאָסט" — דער „משוגענער פילאָזאָף" און דער „פּראָסטאַק". צו זאָגן דעם אמת, ווי עס זעט מיר אויס היינט, האָבן זיי ביידע — דער „פילאָזאָף" און דער „פּראָסטאַק" — געשריבן א שפּאָר ביסל נארישקייט. האָט דער „משוגענער פילאָזאָף" געשריבן א פעליטאָן: „ער — א כאַראַקטער בילד" וואו ער האָט געשילדערט קראַנצן אלס א זולל וסובא, וואָס האָט נאָר ליב צו פרעסן און צו פופן, האָט דער „פּראָסטאַק" געענטפערט מיט א פעליטאָן: „ער — א כאַראַקטערלאָז בילד, על פּי נוסח מ. ווינטשעווסקי". האָט דער משוגענער פילאָזאָף געשריבן: „דאָס טאָגע בוך פון א דינסטמיידל", האָט דער „פּראָסטאַק" געענטפערט מיט א פעליטאָן: „די באָבע מיטן אייניקל", א. א. וו. איך האָב מורא, אז צוליב די פעליטאָנען מיינע, איז דער כעס וואָס ווינטשעווסקי האָט געטראָגן אין הארצן אויף מיר פון פריער שטארק פארגרעסערט געוואָרן, און — אויך די אָפּאָזיציע. איך פון מיין זייט בין אויף אים אויך געווען אין כעס, אָבער קיין שנאה האָב איך ניט געטראָגן. מיין כעס אויף אים איז אלעמאָל געוואָרן געמילדערט פון אן אויפריכטיגע פאַרערונג, וואָס

איך האָב אים אנטקעגן געטראָגן. דער פאַקט וואָס ער איז געווען דער ערשטער צו שרייבן סאָציאַליזם אויף אידיש, צוזאַמען מיט זיין באַדייטנדן טאַלאַנט, האָט אין מיר אַלעמאָל אויפגעוועקט א געפיל פון דרך ארץ צו אים, און האָט מיך געשטימט פאַרגעבעריש, צום טראָץ פון א סך פון זיינע פעלערן, וואָס איך האָב אין אים ניט געקאָנט ניט באַמערקן.

אלס צוגאָב צו דער שריפטלאכער טעטיקייט פון די גענעראלן, האָט די אָפּאָזיציע זיך באַנוצט מיט דעם מיטל, וואָס מען רופט אין דער אַמעריקאַנער שווינדל פּאָליטיק, קאָלאָניזירן. מען האָט אָנגעהויבן אריינצושלעפּן און אריינצושמוגלען אלס מיטגליד פון דער אסאָסיאיישאָן יעדן איינעם, וואָס די אָפּאָזיציע האָט געדענקט וועט ווי עס איז זיך קאָנען ארויסציייגן אלס פּאַסיג. די אסאָסיאיישאָן האָט אריינגענומען יעדן איינעם פאר ווּעמען א מיטגליד האָט קאווירט פאר זיין ערלאכקייט, פּרינציפּנטרייהייט און איבערגעבנהייט צו די אינטערעסן פון די ארבעטער. דאָס זיינען געווען די איינציגע פאָדערונגען וואָס מען האָט געשטעלט דעם קאַנדידאַט. יעדער איינער וואָס האָט געקענט באַפרידיגן אָט די קאָנדיציעס האָט פאר 25 סענט א חודש געקאָנט ווערן א „באַלעבאָס" און פּאַרוואַלטער פון דעם „אַבענדבלאַט" און „ארבייטער צייטונג".

דער פאַקט איז, אַז מיר האָבן זיך געבעטן ביי דעם סאָרט מענטשן זיי זאָלן קומען צו אונז, אבער זיי זיינען ניט געקומען. ערשט ווען מען האָט אָנגעהויבן צו שרייען: „עס ברענט!" זיינען זיי געקומען צולויפן, העלפן ראַטעווען.

עס האָט ניט לאַנג געדויערט און די אָפּאָזיציע האָט געדענקט, אַז זי האָט שוין גענוג איינענע צו קענען מאַכן די 'רעוואָלוציע". זיי האָבן זיך אָבער באַלד ארומגעזען, אַז עס פעלט זיי איין מענטש — מילער. אָן מילערן, האָבן זיי געוואוסט, וועלן זיי זייער ציל ניט דערגרייכן. דאָס „אַבענדבלאַט" איז געווען איינגעבאַקן אין די הערצער פון די אידישע ארבעטער, און איז געווען רעספּעקטירט און באַגלויבט אין די אויגן פון דער איבעריקער אידישער באַפעלקערונג, אויך די אָרטאָדאָקסישע. *) עס האָט זיך דערפאר געפאָדערט אויס־

*) איך געדענק א פאַל ווען אין „אבענבלאַט" אַפיס (קאַנטאָר) איז אריינגעקומען אן עלטערער איד מיט א גרויסער צושויבערטער באָרד און א שווארצן

ערגעווייגלאכע מיטלען צו קענען שעדיגן דעם „אבענדבלאט". און אויף יענע מיטלען איז קיינער ניט געווען אזא בריה ווי מילער. אמת, קאהאנען האט אויך גאר ניט געפעלט, אבער זיינע מעטאדן פון קאמף, מעטאדן וואס ער האט ביז אויף היינטיגן טאג ניט געענדערט, האבן ניט געפאסט פאר דעם אויגנבליק. מיט דער אנטשיידונג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע צו גונסטן פון דעם פארוואלטונגס־ראט נאך גאנץ פריש אין דעם זכרון פון אלע, האט א טאקטיק פון „פאלקס קאמיטעט", פון פלאקטעס, מאטלעריי, שטילע רכילות, פראָ־פאגאנדע, פערזענלאכע לשון הרע אויף דעם מוסטער „ניט צו אייך ריידענדיג", און „ניט זינדיגן זאל מען מיט די רייד", ניט געקענט פיל העלפן. דא האט מען געמוזט האבן אויסערגעווייגלאכע מיטלען און אויף יענע מיטלען איז געווען פייאיג נאר איין מילער. אבער מילער איז געווען אין אייראפע. האט די אפאזיציע אויף שנעל דעפעשירט נאך מילערן, און אים טעלעגראפיש ארויסגעשיקט געלט, ער זאל שנעל קומען צופארן ראטעווען די סיטואציע. און מילער איז געקומען.**)

אזוי שנעל ווי מילער איז געקומען האט זיך גענומען רודערן. אזא מענטש איז ער געווען. ביי אים האט אלץ געקאכט און געזאטן, און אלץ אויף דער מינוט. ער איז אבער אויך טיילמאל געווען דיפלאמאטיש, וואס דאס איז א דיפלאמאטישער אויסדרוק פאר דעם

---

רבנישן קאפעליוש. דער איד איז געווען א מוכר ספרים און ער האט געוואלט ארייגשטעלן אז אנאנס פאר תליתים, תפילין, מחזורים א. א. ווי מיר האבן געמיינט, אז דער איד איז א גרינער און ער האט פארבלאנדזשעט. האט מען אים געזאגט, אז דא איז „אבענדבלאט" איז ניט דער ריכטיגער ארט פאר אזעלכע זאכן. דאס „אבענדבלאט" האט מען דעם אידן געזאגט ווערט געלייענט בלויז פון סאציאליסטן, אפיקורסים וואס לייגן ניט קיין תפלין. איר לערנט מיך נאר ניט מיינע געשעפטן, האט דער איד געענטפערט אביסל באליידיגט. איך בין ניט קיין גרינער. איך קען אנדערע אידן, וואס לייענען אייער צייטונג, און מען גלויבט וואס שטייט געשריבן אין אייער צייטונג א סך מער פון די אנדערע צייטונגען.

**) די דאזיקע באהויפטונג קען איך איצט ניט באשטעטיגן מיט ציטאטן. עס איז אין ערגעץ ניט פארשריבן. איך האב געפרעגט פארשידענע מענטשן, מיינע פריינט, פון דער דעמאלדיגער אפאזיציע. אבער זיי האבן אלע „פארגעסן" די איינצלהייט פון דעם אינצידענט. מאך איך די באהויפטונג פון מיין אייגענעם זכרון, און אויף מיין אייגענער אחריות, ווי איך האב עס דעמאלט געהערט. אפשר וועט שפעטער זיך געפינען איינער וואס וועט קומען און דאס באַ־שטעטיגן.

גוט־באַקאַנטן וואָרט: כיטרע. און ער איז געקומען צו אונז ווי אַמאָל לבן צו יעקבן מיט א וישקהו מיט פינטעלאַך. ל. מילער האָט אָנגע־הויבן צו ריידן שלום.

מיר האָבן גאַנץ גוט געקענט מילערן. ער האָט אונז ניט גענאַרט. אָבער מיר האָבן געוואָלט איינשטעלן שלום. פאַר די נייע מיטגלידער האָבן מיר קיין מורא ניט געהאַט. עס זיינען געווען צווישן זיי עט־לאַכע קאַריעריסטן, אָבער די מייסטע זיינען געווען ערלאַכע מענטשן, גוטע קאַמעראַדן, וואָס האָבן באמת געגלויבט, וואָס מען האָט זיי דערציילט. האָבן מיר געהאַלטן, אַז די מענטשן וועלן זיין מיט אונז אַזוי שנעל ווי זיי וועלן באַקאַנט ווערן מיט דער אמתער לאַגע. איז אַזוי שנעל ווי מען האָט געזאָגט שלום, האָבן מיר זיך אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט. א קאָמיטעט פון 18 (צו 9 פון יעדן צד) איז אויס־געוויילט געוואָרן אויסצואַרבעטן א פּלאַן פון א שלום אָפּמאַך.

לאָמיר ווידער דאָ ציטירן בורגינען. אויף דער זייט 395 פון זיין געשיכטע שרייבט בורגין:

„דער פּלאַן האָט צווישן אנדערעס פאַרגעלייגט, דאָס די פּובלישינג אסאָסיאיישאַן זאָל באַזייטיגן די שטרענגע כללים ביים אריינגעמען נייע מיטגלידער. לויט דיזן פּלאַן, האָבן מיט גלידער פון דער ס. א. פּ. געקענט זיך אליין פאַרשלאָגן.*) אין פאַל ווען דער פאָרגעשלאָגענער קריגט ניט קיין מאַיאָריטעט ווערט ערוויילט א גריוועגס קאָמיטע פון 5, וועלכע באַשטימט שוין די פראַגע צו מען זאָל אריינעמען דעם קאַנדידאַט צו ניט. די פּובלישינג אסאָסיאיישאַן מוז אָננעמען די ענטשיידונג פון דער קאָמיטע.

י. מילך, איינער פון די 18נער קאָמיטע, פון דער אסאָ־סיאיישאַן האָט געמאַכט אן אמענדמענט (א צוגאָב צו דעם פאָרשלאַג) דאָס די 5 זאָלן ערוויילט ווערן אַזוי: צוויי פון דער מאַיאָריטעט און דריי פון דער מינאָריטעט. אלס דעלעגאַט פון דער אסאָסיאיישאָן האָט ער בכיון געהאַנדלט לפנים משורת

*) מיר זיינען אלעמאל געווען פארזיכטיק ניט צו דערלאזן די אנדערע פאלי־טישע פארטייען זאלן קריגן קאנטראל איבער דער סאציאליסטישער צייטונג דורך א מאיאריטעט פון מיטגלידער, וואס זיי וואלטן לייכט געקאנט אנשיקן אויף אונז.— י. מ.)

הדין און פאַרגעלייגט, אַז די מאַיאָריטעט (די אַסאָסיאיישאָן) זאָל אין דער קאָמיטע זיין פאַרטראָטן דורך אַ מינאָריטעט. מיט דעם האָט ער געוואָלט ארויסווייזן, אַז די אַסאָסיאיישאָן מיינט ערנסט צו שליסן — שלום".

דער לעזער קען אפשר דענקען, אַז עס איז געווען נאַריש פון מיר איבערצוגעבן דעם ווילן פון דער מערהייט אין די הענט פון דער מינדערהייט. בורגין האָט שוין געזוכט צו געבן אַ טיילווייזע דער־קלערונג. די אמת'ע דערקלערונג איז, אַז מיר אליין האָבן געוואָלט אריינציען די מייסטע פון די מענטשן אין דער ארבעט, און מיר האָבן גאָר ניט קיין מורא געהאַט, פאַר אַ מערהייט אדער מינדער־הייט. מיר האָבן געוואָלט שלום, כדי די ארבעט זאָל געטאָן ווערן בשלימות. ווען דאָס וואָלט ניט געווען אַזוי, וואָלט איך מיט מיין פאָרשלאַג גאָר ניט געווען אויסגעפירט. די אנדערע אַכט דעלעגאַטן פון מיין צד וואָלטן מיר ניט געווען נאָכגעפאָלגט. זיי זיינען ניט געווען קיין איינגעלאָך, וואָס מען האָט זיי געקענט פירן אין זאַק אריין. מיר האָבן אַלע געוואָלט שלום. אבער שלום, שלום, ואין שלום!

„דער שלום איז ניט געווען קיין דויערהאַפטער... אין גרונד גענומען זיינען די „גענעראַלן" קיינמאָל ניט גוטפריינט געוואָרן. קאַהאַן, צום ביישפּיל, האָט פּונקט ווי פריער גע־קעמפט מיט דע־ליאָן, און מיט זיינע פילע אָנהענגער פון דער פּובלישינג אַסאָסיאיישאָן; ארטיקלען פאַרן זונטאַג „אבענד־בלאַט" פלעגט ער פערזענלאַך אין דער רעדאַקציע ניט אָפּ־טראָגן, נאָר שיקן דורך אימעצן. ווינטשעווסקי, האָט געקעמפט זאָגאַר געגן דער פּאַרטיי; און צוליב אַן ארטיקל וואו ער האָט אָנגעגריפן די פּאַרטיי, האָט ער באַלד גאָר אויפגעהערט צו שרייבן אין זונטאַגדיגן „אבענדבלאַט". (בורגין זייט 397).

און מילער איז, זעלבסטפאַרשטענדלאַך, באַלד אַרויס פון דער שלום שטימונג, וואָס איז געווען אַזוי אומנאַטירלאַך פאַר אים.

עס האָט זיך אָנגערוקט דער טאָג פון דעם לעצטן צוזאַמענברוך וואָס איז פאָרגעקומען אין יאַנואַר 1897.

צענטער קאַפּיטל

# דער פּאַסקוויל

איך וויל דאָ ניט אריינגיין מער אין איינצעלהייטן. דער מיטינג דעם 7טן יאנואר, 1897, איז באשריבן געוואָרן מיט אַלע איינצעלהייטן. איבערהויפּט האָט קאהאן זיך געגעבן די גרעסטע מי עס זאָל פאר דער געשיכטע חלילה ניט פארלוירן גיין קיין וואָרט פון דעם וואָס ער האָט געזאָגט, אָדער וואָס ווער עס איז האָט צו אים געזאָגט. גענוג איז, אז פון דעם מיטינג זיינען אויף א וואונק פון מילערן ארויסגעגאנגען 52 מיטגלידער. געבליבן ביים מיטינג זיינען 71. ד. ה. די מערהייט איז געבליבן. די 52 זיינען אַלץ געווען אזעלכע מיטגלידער, וואָס זיינען אייגנטלאך ספּעציעל אריינגעקומען אלס מיטגלידער כדי זיי זאָלן קאָנען ארויסגיין אויב מען וועט זיי ניט איבערגעבן די צייטונגען. און דאָס האָט די פּובלישינג אסאָסיאיישאָן ניט געהאַט בדעה צו טאָן.

אָבער ניט געקוקט אויף דעם אַלץ, האָט די פּובלישינג אסאָסיאיישאָן אויפן שטעל אויסגעוויילט א קאָמיטע צו קאָנטראָלירן דעם פּאָלעמישן שטאָף געגן דער אָפּאָזיציע (בורגין זייט 404), דאָס הייסט, רייסן זיך מיט זיי האָט מען ניט געוואָלט. ניט אזוי האָט געהאנדלט די אָפּאָזיציע. זי האָט זיך פארזאמלט און באאויפטראגט מילערן אויפצושרייבן א דעקלאראציע וואָס איז ווירקלאך דערשינען אין עטלאכע טעג.

דער דאָזיקער צירקולאר איז א מוסטער פון אומאנשטענדיגקייט און אומפאראנטוואָרטלאכקייט. דאָרט געפינען זיך זאצן ווי:

„דונקעלע פּערזאָנען אין דער באוועגונג האָבן זיך אָנגעהויבן אריינצוגנב'ענען"...

„ווען נאָך א רייע פון פארלאָרענע סטרייקס... האָט דיזע „קליקע" אויסגענוצט דיזען גינסטיגן מאָמענט און בלומרשט

„אמענדירענדיג" די קאָנסטיטוציאָן, האָבען זיי ארויסגעשפּארט אלע אָרגאַניזאציאָנען. פריהער פאר דעם האָבען זיי מיט אלע ארט טריקס (קונצן י. מ.) באשימפּונגען, פערלוימדונגען און שמוץ איינעם נאָך איינעם ארויסגעשפּארט די יעניגע פערזאָ־נען, וועלכע האָבען געקעמפּט געגען זייער טאַקטיקע, געגען זייערע האַנדלונגען"...

„די שמוציגסטע פון אלע בודעל פּארטייען איז ניט דער־גאַנגען צו אזעלכע געמיינהייטען ווי די הערן פון די פּוב־לישינג, וועלכע האָבען שוין יעצט מיט אַזאַ ענערגיע און בע־שלאָסענהייט געמוזט קעמפען פאר זייערע „דזשאבס" (שטע־לעס), פאר זייער ברויט".

דער דאָזיקער באשולדיקונגס אַקט איז געווען אונטערגעשריבן פון „52 מיטגלידער פון דער ארבעטער ציטונג פּובלישינג אַסאָסיאיי־שאָן, אלע גוטשטעהענדע מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער אר־בייטער פּארטיי".

צווישן די 52 נעמען געפינען זיך אזעלכע באַקאַנטע און פּראָ־מינענטע נעמען ווי אב. קאַהאַן, מ. זאַמעטקין, ל. מילער און מ. ווינטשעווסקי. דארף מען נאָך מער? דארף מען א בעסערן סימן, אַז די קליקע איז באַשטאַנען פון „טונקעלע פּערזאָנען"?

דער לעזער פון היינט ווייסט שוין ווער עס זיינען געווען די טונקעלע פּערזאָנען. פון דעם פּאַסקוויל האָט מען דאָס ניט גע־קענט אויסגעפינען. קיין נעמען ווערן דאָרט ניט דערמאָנט. מער ווי זלזולים און בלבולים זיינען דאָרט ניטאָ.

פרעגט זיך: פארוואָס זיינען ניט דערמאָנט געוואָרן קיין נעמען? פאר וואָס האָט מען די פאַרשווינען ניט ארויסגעשטעלט צום שאַנד־קלאָץ? פרעגט בעסער ניט די קשיה. מילער, דער מחבר פון דעם פּאַסקוויל, האָט גאַנץ זיכער געוואוסט, אז אַזאַ זאַך האָט געשמעקט מיט תפיסה. ער וואָלט זיכער געווען געגאַנגען אין גע־פענגנים פאר פאַרלוימדונג, ווען ער וואָלט געווען דערמאָנט אפילו נאָר איין נאָמען. מילער און זיינע מיטהעלפער האָבן דערפאר גע־האט געגוג אורזאך ניט צו דערמאָנען די נעמען, אָדער די אמת'ע טעטיקייט, פון דער „קליקע". היינט זאָגן זיי אלע, אז דער פאר־

וואַלטונגס־ראַט, דאָס הייסט די קליקע, איז באַשטאַנען פון ערלאַכע מענשן. קאַהאַן שרייבט אין זיינע „בלעטער פון מיין לעבן״:

„די מיטגלידער פון פאַרוואַלטונגס־ראַט זיינען געווען ער־לאַכע מענשן, אָבער מאַכט איז זיס א. א. וו.״

קלמן מרמר מיט דעם הכשר פון ווינטשעווסקי ברענגט אפילו

ל. קאַברין אַלס עדות, אז די „קליקע״ איז באַשטאַנען פון ערלאַכע מענשן. אָבער דעמאָלט האָבן קאַהאַן און ווינטשעווסקי זיך אונטער־געשריבן אויף א פּאַפּיר וואו עס שטייט געשריבן:

„די הערן פון די פּובלישינג האָבן שוין מיט אַזאַ ענער־גיע און באַשלאָסנהייט געקעמפט פאַר זייערע דזשאַבס, פאַר **זייער ברויט״.**

אין דער גאַנצער „קליקע״ איז געווען נאָר איינאיינציקער מענש, לעוויצקי (לעוויט), וואָס האָט געאַרבעט אין דער עקספּעדיציע פאַר אַכט דאָלאַר א וואָך. אחוץ אים איז געווען, זעלבסטפאַרשטענדלאַך, פיליפּ קראַנץ, דער הויפּט רעדאַקטאָר פון דער טעגלאַכער צייטונג, מיט 18 דאָלאַר א וואָך שכירות און ב. פייגענבוים, דער הויפּט מיטרעדאַקטאָר, מיט 14 דאָלאַר א וואָך.

און די הערן פּאַסקוויליסטן האָבן דאָס געוואוסט גאַנץ גענוי.

ביי דער געלעגענהייט וועל איך מיר נעמען די פרייהייט צו פאַרצייכענען א ריין פּערזענלאַכע אָנגעלעגנהייט. נאָך אַלעמען איז דאָך די דאָזיקע אַרבעט פּערזענלאַכע „זכרונות״ פון געשעעניש, וואָס איך האָב דורכגעלעבט און מיטגעלעבט אין א געגעבענער סביבה.

איך וועל דאָ נאָר דערציילן איין איינציגן פאַקט וועגן מיין פּערזענלאַכן לעבן.

ווען איך האָב חתונה געהאַט אין מערץ, 1895, האָבן מיר, איך און מיין פרוי, צוזאַמען פאַרמאָגט 75 דאָלאַר. מיט דעם „נדן״ האָבן מיר באַדאַרפט איינשטעלן אונזער באַלעבאַטישקייט און איינ־אָרדנען עפּעס א שטיקל פּרנסה. קיין מחותנים וואָס זאָלן געבן דרשה געשנאַק״ זיינען ניט געווען.

ווען מיר האָבן גענומען טראַכטן וועגן עפּעס א פּרנסה, האָבן

מיר באשלאָסן צווישן זיך, אז וואָס איך זאָל ניט טאָן, זאָל איך אבער קיינמאָל ניט זוכז צו מאכן א לעבן פון שרייבן.

— זוך דיין פרנסה אנדערשוואו, — האָט מיין פרוי מיר געזאָגט, — וועסטו דעמאָלט זיין פריי צו שרייבן ווען דו וועסט האָבן וואָס צו זאָגן. איך וועל גיין מיט דיר וואו דו וועסט גיין. איך וועל טאָן מיין חלק ארבעט. אויף דעם אָפּמאך בין איך איינגעגאנגען מיט פארגעניגן. דאָ איז ניט דער פּלאץ צו דערציילן, וואָס מיר האָבן אלץ ניט צעארבעט, ווי שווער עס איז אנגעקומען, און ווי לאנג עס האָט געדויערט ביז מיר האָבן זיך דערשלאָגן צו א מדריגה וואָס מען האָט געקענט אנרופן „פרנסה בכבוד", אבער איך האָב זיך געהאלטן ביי דעם אָפּמאך — ביז אויף היינטיגן טאָג. איך קען זאָגן גאנץ אויפריכטיק, אז איך האָב קיינמאָל ניט געשריבן קיין אנדער זאך אויסער דאָס אין וואָס איך האָב געגלויבט באמונה שלימה. טאקע צוליב דעם, ווייל אין מיין פרנסה בין איך ניט געווען אפּהענגיק פון שרייבן. איך האָב זיך דערפאר געקענט פארגינען צו שרייבן נאָר דעמאָלט „ווען דער נאר האָט מיך געשטופּט", ווי דאָס ווערטל גייט. נאָר איינמאָל האָב איך דעם אָפּמאך ניט געהאלטן:

ווען קאהאן איז אין 1916 פערזענלאך צוגעשטאנען צו מיר איך זאָל מיטארבעטן אין דעם „פאָרווערטס", האָט מיך, צו זאָגן דעם אמת, געביסן אין די פינגער. בפרט, ווען דער אָפּמאך איז געווען: פולע און אבסאָלוטע פרייהייט פונם וואָרט. די איינציגע פארפליכטונג פון מיין צד איז געווען צו לאָזן אים וויסן אין פאָרויס מיין טעמע. האָט ער איינמאָל אָנגענומען מיין טעמע, בין איך געווען פריי צו שרייבן וואָס איך האָב געוואָלט, אָן שום ענדערונגען מצד דער רעדאקציע. און קאהאן האָט געהאלטן וואָרט. איך האָב שוין דעמאָלט ניט באדארפט די עטליכע דאָלער, אבער שרייבן פאר דעם „פאָרווערטס" אָן באצאָלט וואָלט איינפאך געווען לעכערלאך, האָב איך באדארפט אָנקומען נאך א „דערלויבעניש" צו מיין פרוי. דערווייל האָט קאהאן געשריבן א לייט־ארטיקל אין דעם „פאָרווערטס" וועגן מיין ארייננקומען אלס מיטארבעטער. אָבער מיין פרוי האָט בשום אופן ניט געוואָלט צושטימען: „זאָל דאָס ביסל מילך", האָט זי געזאָגט, „ניט צושוואומען ווערן אין דער גרויסער „פאָרווערטס" פּאָמוניציע. דאָס מאָל האָב איך ניט אויסגעהאלטן, און מיין פרוי האָט מיר ביז אויף היינטיגן טאָג ניט מוחל געווען.

אַט אַזעלכע „טונקעלע פּערזאָנען" זיינען מיר געווען. און די גרויסע גענעראַלן האָבן דאָס געוואוסט.

* * *

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, זיינען די מייסטע פון זיי געווען פּאַרפירטע אָבער ערלאַכע מענטשן. ווי האָבן זיי געקאָנט אונטער־שרייבן אַזאַ געפערלאַכן בלבול? דאָרט איז, למשל, אונטערגעשריבן איינער פּ. ניקעלסבערג. דער דאָזיקער ניקעלסבערג איז געגאַנגען מיט מיר אין איין חדר. ער האָט מיר געשיקט אַ שיפסקאַרט צו קומען קיין אַמעריקע, ער איז ביז אויף היינטיגן טאָג מיין פריינט. (איך האָב פאַר דער שיפסקאַרט באַצאָלט). אויף יענעם צירקולאַר איז אונטערגעשריבן ה. קינג, וואָס איז געווען, און איז, מיין חבר פון וואַרשא זינט 1885, ווען מיר האָבן צוזאַמען זיך באַטייליגט אין דער השכלה באַוועגונג מיט פייגענבוימען אַלס איינעם פון די אָנגעזעענע פירער. ה. קינג איז מיין הויז פריינט ביז אויף היינטיגן טאָג. ווי אַזוי האָבן די צוויי — שוין ניט צו ריידן פון חשובן און ערלאַכן מענטשן ווי י. נעטער — זיך געקענט אונטערשרייבן אויף דעם פּאַסקוויל?

דער תירוץ איז איינפאַך: קיין איינציקער מענטש אויסער ל. מילער (און אפשר אויך ווינטשעווסקי) האָט דעם צירקולאַר ניט אונ־טערגעשריבן, אפילו אים אין די אויגן ניט אָנגעזען, ביז ער איז ניט דערשינען געדרוקט אין גאַס. וויפיל פון די 52 האָבן פּראָטעסטירט, וועט מען קיינמאָל ניט וויסן. עס זיינען מן הסתם געווען אַזעלכע וואָס האָבן געגלויבט וואָס דאָרט איז געשריבן. די קאַריעריסטן צווישן זיי האָבן זיך ווייניק אינטערעסירט מיטן אמת. אָבער איינער האָט זיך געפונען, וואָס האָט דאָס ניט געקאָנט פאַרטראָגן. דאָס איז געווען ה. קינג. אים האָט מען ספּעציעל אָפּגענאַרט, צוויי מאָל אָפּגענאַרט. האָט ער פאַרעפנטלאַכט אַ פּראָטעסט אין „אַבענדבלאַט" קעגן דעם פּאַסקוויל.

אין ניו יאָרק איז שווער צו געפינען דאָס „אַבענדבלאַט" פון דעם ערשטן האַלבן יאָר פון 1897. האָב איך דערפאַר געבעטן מיין פריינט ה. קינג, ער זאָל מיר מיט זיינע איינענע ווערטער דערקלערן ווי די זאַך איז געשען. (קינג איז ביז היינטיקן טאָג טעטיק אין דעם

„פאָרווערטס", ער איז, שיינט מיר, אין דעם פאַרוואַלטונגס־ראַט, פון דעם „פאָרווערטס" (איך האָב שיר ניט געזאָגט „קליקע").

און פאָלגנדער בריוו איז זיין ענטפער:

ליבער מילך:

ריידענדיג וועגען דעם צירקולאַר בעטיטלט „צו די גע־נאָסען אין דעם פובליקום אין אלגעמיין", וואָס האָט בעצוועקט צו ערקלערען פאַר וואָס 52 מיטגלידער האָבען פערלאָזען די יערלעכע גענעראַל פערזאַמלונג פון די אמאָליגע „ארבייטער צייטונג פובלישינג אסס'ן" דעם 7טען יאַנואַר 1897, איז אויך דערמאָנט געוואָרען דאָס איך האָב געשריבען א בריף צום „אבענדבלאַט" אין וועלכען איך האָב פראָטעסטירט געגען געוויסע אויסדרוקען אין דעם דאָזיגען צירקולאַר.

דו האָסט געוואָלט וויסען אויב דער נומער „אבענד־בלאַט" אין וועלכען מיין בריף איז געווען געדרוקט איז בנמצא און, אויב ניט, איך זאָל דיר שרייבען וואָס איך האָב דאָרט געזאָגט.

איך האָב דעם נומער „אבענדבלאַט" ניט געקענט געפינען און נאָך 37 יאָהר איז פאַר מיר אונמעגליך איבערצוגעבען ווערטערליך וואָס איך האָב דאָרט געשריבען. אָבער דער תמצית פון דעם בריף איז גאַנץ קלאָר אין מיין זכרון.

איך האָב געזאָגט דאָס מיין נאָמען וועלכער איז אונ־טערגעשריבען אויף דעם צירקולאַר איז גענומען געוואָרען אָן מיין וויסען; דאָס איך פראָטעסטיר געגען אזעלכע אויסדריקע ווי „טונקעלע פערזאָנען האָבען זיך אריינגעכאַפּט אין דעם פובלישינג אסס'ן"; דאָס די איבערגעבליבענע מיטגלידער האָ־בען זיך בענוצט מיט „טעמעני מעטאָדען" א. א. וו. איך האָב אויך געזאָגט דאָס איך בלייב מיט דער אָפּאָזיציע, אָבער אין א קאַמף צווישען גענאָסען דאַרף מען ניט און טאָר מען ניט באַנוצען אזעלכע מיטלען.

נאָך דעם וואָס איז אויבען געזאָגט געוואָרען, איז אפשר וויכטיג צו בעטראַכטען די זאַך פון אן אָביעקטיווען שטאַנד־פונקט, און ערקלערען די לאַגע וואָס האָט פאַראורזאַכט דעם

צירקולאַר און אפשר אויך דעם טאָן אין וועלכען ער איז געשריבען.

די אמאָליגע „ארבייטער צייטונג פּובלישינג אסס'ן" האָט געהאַט זייער א בכבודן נאָמען און א געוואַלדיגען איינפלוס אויף די אידישע ארבייטער. דאָס ארויסטרעטונג פון די 52 ד"ה די שפּאַלטונג פון די אָרגאַניזאַציע, האָט געמאַכט אַן אונגעהייערן רושם אויף די אידישע גאַס. די איבערגעבליבענע האָבען געהאַט אַן אָרגאַן דאָס „אבענדבלאַט" און זיינען געווען ביכלות צו דרוקען די טענות פון זייער צד און האָבען דאָס געטאָן. מיר די 52 האָבען דאָס פאַראויסגעזען. ס'איז דאריבער געווען פאר אונז כמעט א לעבענס-נויטווענדיגקייט אזוי שנעל ווי מעגליך ארויסצוקומען אויף די גאַס מיט אונזערע טענות.

באַלד נאָכדעם ארויסטרעטען פון די אסס'ן האָבען מיר זיך פאַרזאַמעלט אום צו בעטראַכטען די לאַגע. א קאָמיטע פון 3 בעשטעהענד פון ל. ע. מילער (שוין לאַנג אויפ'ן עולם האמת), איך און נאָך איינער, וועמענס נאָמען איך געדענק נישט, איז בעפאָלמעכטיגט געוואָרען אויפצושרייבען אן ערקלערונג פארוואָס ס'איז געקומען צו א שפּאַלטונג און דאָס צו פערשפּרייטען צווישען די ארבייטער.

די קאָמיטע האָט זיך בעדאַרפט טרעפען א געוויסען אבענד ביי מילער'ן אין הויז צו טאָן די ארבייט. איך בין געקומען צו די בעשטימטע צייט און האָב געפונען דאָס הויז פינסטער. איך האָב ביי זיך געטראַכט צו קומען נעכסטען אבענד. איידער דער נעקסטער אבענד איז געקומען איז שוין דער צירקולאַר געווען אָבגעדרוקט און פערשפּרייט.

וואָס איז געשעהן? פאַרוואָס האָט מילער געהאַנדעלט געגען די אינסטרוקציע פון די 52?

פאר דעם וואָס איז געווען אינטים באַקאַנט מיט די פערזאָן איז עס זייער לייכט צו ערקלערען.

מילער איז געווען א פעהיגער אבער זייער אן אימפּולסיווער מענש. אין א מחלוקה איז ביי אים געווען דאָס וויכ-

טיגסטע צו זיין דער אַנגרייפער. זייענדיק הייסבלוטיג און וויסענדיג דאָס סוף כל סוף וועט ער שרייבען דעם צירקולאַר, ווייל ער איז באמת געווען דער פעהיגסטער שרייבער אין די קאָמיטע האָט ער פשוט נישט געהאַט קיין געדולד צו וואַר־טען ביז די קאָמיטע וועט זיך צוזאַמענקומען.

דערצו האָט זיך געשאַפען נאָך אַ לאַגע: ס'האָט אין יענער צייט עקזיסטירט אַן אָרטאָדאָקסישע צייטונג „דאָס אידישע טאַגעבלאַט", וועלכע האָט געגאָסען פעך און שוועבל אויף אַלעם און אַלעמען פון ראַדיקאַלען לאַגער. די מחלוקה אין אונזערע רייהען איז פאַר יענער צייטונג געווען אַ גוואַל־דיגע געלעגענהייט צו דרוקען אַלע מינים זילזולים אויף אונז. אין אַזאַ אַטמאָספערע האָט מילער פשוט ניט געקענט בלייבען, אפילו אויף איין טאָג מיט אַ פאַרמאַכטע מויל און פאַרלייגטע הענט.

דאָס אויבען געזאָגט איז בשום אופן נישט קיין גערעכ־פערטיגונג פאַר מילערס האַנדלונג. ס'איז נאָר אַ פאַרזוך צו באַשרייבען דעם פסיכישען צושטאַנד פון די פערזאָן אין יענער צייט.

פאַרוואָס האָט זיך מילער נישט פאַרענטפערט עפענטליך (ער האָט דאָס געטאָן פריוואַט) פאַר די נישט ריכטיגקייטען אין דעם צירקולאַר? דאָס איז גאַנץ קלאָר. פאַרענטפערען הייסט אָפּצוטרעטען פון די פּאָזיציע פון אַנגרייפער, דאָס שוואַכט אָפּ דעם צד, און פאַר איינעם מיט מילער'ס טעמפּע־ראַמענט איז דאָס געווען אונמעגליך.

דער סך הכל איז: דער צירקולאַר איז געווען אויפגע־שריבען בחפזון. עס האָט געהאַט שטאַרקע חסרונות. די מחשבה איז אָבער געווען אַ גוטע".

ה. קינג

מיין חבר קינג, ווי עס זעט אויס, ווייס ניט איין זאַך. ער ווייס ניט, אַז דער דריטער איז ניט געווען קיין אַנדערער ווי מאָריס ווינ־טשעווסקי. איך האָב דאָס אויך ניט געוואוסט, אָבער נאָכדעם ווי איך האָב דערהאַלטען דעם אויבנציטירטן בריוו, האָב איך נאָך אַמאָל

גענומען נישטערן מרמרס ביאָגראַפיע פון ווינטשעווסקין. האָב איך דאָרט געפונען ווי מרמר ציטירט די פאָרווערטס יובילעאום אויס־גאַבע פון דעם יאָר 1917 וואו עס ווערט געשריבן:

„מילער און ווינטשעווסקי האָבן דעם צירקולאַר פאַר־פאַסט גלייך דעם זעלבן אָוונט, ווען דער גאַנצער צאָרן האָט נאָך געברענט אין זייערע הערצער. דאָס איז די אורזאַך וואָרום דער צירקולאַר איז ערטערווייז צו שוואַרץ, צו איבער־טריבן" (מרמר, 210).

ניט אומזיסט זאָגט דער פסוק: „השנאה מקלקלת את השורה". צוליב דעם צאָרן איז דער צירקולאַר „ערטערווייז צו שוואַרץ, צו איבערטריבן". מרמר זוכט צו פאַרענטפערן ווינטשעווסקין, אַז די „ווערטער וואָס זיינען צו שוואַרץ און צו איבערטריבן (ווי דונקעלע פערזאָנען; סיסטעמאַטיש קאָרומפּירט די באַוועגונג; די שמוציקסטע פון אַלע בודל פּאַרטייען א. ד. גל.) זיינען געווען מילערס ווערטער".

דאָס שרייבט מרמר. אין דעם יאָר 1928, און ווינטשעווסקי ניט צו דעם זיין הסכמה. אָבער וואָס האָט ווינטשעווסקי געטאָן אין דעם יאָר 1897? האָט ער אויך דעמאָלט דערקלערט, אַז ערטערווייז איז דער צירקולאַר „צו שוואַרץ און צו איבערטריבן?" ניין! אין יאָר 1897 האָט ער געגעבן זיין חתימה צו דאָס וואָס מרמר זאָגט, ער האָט ניט געוואָלט שרייבן, און ער האָט געגעבן זיין חתימה הגם ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז מיט „פולן צוטרויען צו די פירער פון דער אָפּאָזיציע, האָבן פילע אידישע אַרבעטער געגלויבט באמונה שלימה, אַז דאָס „אבענדבלאַט" איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ „קלי־קע" פאַר אירע אייגענע אינטערעסן" (מרמר—214). ווי מיר האָבן אויבן געזען פון ה. שטיינברוקס בריוו, גלויבן נאָך היינט די אַרבע־טער די זעלבע לעגענדע, וואָס ווינטשעווסקי האָט אַזוי פלייסיק גע־האָלפן פאַרשפּרייטן, ווייסנדיק, אַז דאָס איז ניט דער אמת. און די לעגענדע גייט ווייטער און ווייטער ביז אויף היינטיקן טאָג.

עלפטער קאַפּיטל

# אַנדערע אַוואַנטורעס

אין דעם לעצטן קאַפּיטל האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט ביי די לעגענדעס, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן פון דער אָפּאָזיציע באַ־וואוסטזיניק, און ווי די דאָזיקע לעגענדעס ווערן ווייטער געשפּונען פון די וואָס זיינען פּאַראינטערעסירט צו באַשיינען און באַפּוצן זייער אייגענע גאָר ניט שיינע מעשים פון יענער צייט. מיר טאָרן אָבער זיך ניט אָפּשטעלן ביי דעם. מיר מוזן צוקומען צו דער ווירקלאַכ־קייט, צו די געשיכטלאַכע טאַטזאַכן ווי זיי האָבן פּאַסירט אין זייער אייגענער סביבה, און ווי איך האָב דאָס סקיצירט.

און ווען מיר טוען דאָס, דעמאָלט אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז גאָר אַן אַנדער בילד. דעמאָלט דערזעען מיר יענע „בעזגראַמאָטנע" אַלס אַ גרופּע אויפגעקלערטע, ערלאַכע און פּרינציפּגעטרייע יונגעלייט, אַליין אָרימע אַרבעטער, וואָס זיינען זיך בפירוש מוסר נפש אַרויס־צוגעבן סאָציאַליסטישע צייטונגען, זשורנאַלן און אַנדערע שריפטן, כדי צו קענען אַליין עפּעס לערנען, און צו העלפן פאַרשפּרייטן די לערן פון סאָציאַליזם און אַלגעמיינער קולטור צווישן די נאָר וואָס אַריבערגעקומענע, דערשלאָגענע, פאַרמאַטערטע און אומוויסנדע אי־דישע האָרעפּאַשניקעס. נעבן אָט דער גרופּע זעען מיר אַ קלענערע גרופּע — דריי אָדער פיר — אַזוי גערופענע אינטעלעקטואַלן, וואָס ווערן געטראָגן אויף די הענט פון די ערשטע. אויך די קלענערע גרופּע מיינט דאָס ערנסט, אָבער די מענטשן האָבן דערוויילע זיך דערוואָרבן אַ גרויסן נאָמען — טיילווייז אַ פאַרדינטן נאָמען, — צום גרעסטן טייל אויפגעבלאָזן, און זיי זיינען צוליב דעם געוואָרן אַזוי איינגערעדט ביי זיך,און אַזוי צעבאַלעוועט, אַז ביי זיי איז געווען רעכט צו פאַרניכטן די גאַנצע כמעט איבערמענטשלאַכע אַרבעט, צו־ליב אייגנניציקע צוועקן, קליינלאַכע אַמביציעס, פּערזענלאַכע קריוו־

דעם און אַן אומזעטבאַרן שטרעבן פאַר רעקלאַמע. ווי לאַנג די פּראַסטע בעלי־מלאכות, די „בעזגראַמאַטנע סוואָלאָטשי", האָבן געטאָן די שוואַרצע אַרבעט און האָבן זיך ניט געמישט אין די מעשים פון די „גראַמאָטנע" איז אַלץ געגאַנגען בשלום. אַזוי שנעל אָבער ווי „באַנטשע שווייג" האָט געעפנט דאָס מויל, האָבן די „גראַמאַטנע" אָרגאַניזירט אַן אָפּאָזיציע, און געגרינדעט דעם „פּאָרוועֿרטס" וואָס איז בשעתו געווען אַן אַוואַנטורע פון דעם העכסטן מין. און די אַוואַנטורע איז אָנגעפירט געוואָרן, הויפּטזעכלאַך פון דעם מייסטער אַוואַנטוריסט, ל. מילער, מיט אַלע מיטלען וואָס געהערן צו אַזעלכע אַוואַנטורעס, דהיינו, אומפאַראַנטוואָרטלאַכע באַהויפּטונגען, אומגעוויסנהאַפטע און גרונטלאָזע באַשולדיקונגען, פאַרשפּרייטונג פון פאַלשע קלאַנגען, אויסטראַכטן בילבולים אויף יחידים, דעמאַגאָגישע פאַרשפּרעכונגען, היסטערישע וואָרנונגען קעגן אימאַזשינערע קאָנזעקווענצן א. א. וו.

דאָס זיינען געווען די זעלביקע מיטלען, וואָס ווערן געברויכט אין אַלע צייטן, פון אַלע מינים דעמאַגאָגן, ווען זיי זוכן צו פאַרוויקלען אַ פאָלק אין אַ מלחמה, אָדער אויפצורייצן אומוויסנדע מאַסן צו פּאָגראָמען אויף אידן. פּונקט ווי מיר זעען דאָס היינט צו טאָג אין דעם היטלערשן דייטשלאַנד. זעלבסטפאַרשטענדלאַך, איז דאָס אַלץ געווען אין אַ לעכערלאַך קליינעם פאָרמאַט אין פאַרגלייך מיט די נאָר וואָס דערמאָנטע פּאַסירונגען, אָבער די עלעמענטן זיינען געווען גענוי די זעלביקע.

די דאָזיקע אַוואַנטורע איז געווען די ערשטע, אָבער ניט די לעצטע פון ל. מילערן, און עס איז מערקווירדיק ווי די אַלע אַוואַנטורעס דערקלערן איינס ס'אַנדערע.

מיט עטלאַכע יאָר שפּעטער, האָט דער זעלביקער מילער אָנגעפירט פּונקט אַזאַ אַוואַנטורע קעגן דעם „פּאָרוועֿרטס", וואָס ער האָט פריער אַזוי פיל געטאָן צו העלפן באַשאַפן. דאָס מאָל איז ער שוין געווען קליגער — דאָס מאָל האָט ער שוין ניט געאַרבעט פאַרן „פאָלק". דאָס מאָל האָט ער געגרינדעט אַ טעגלאַכע צייטונג, „די וואַרהייט", אַלס פריוואַט געשעפט, צוזאַמען מיט עטלאַכע שותפים.

און מערקווירדיק!

אויך אין דער צווייטער אוואַנטורע, פּונקט ווי אין דער ערש־טער, האָט ער געפונען גאַנץ בכבוד'יקע מענטשן וואָס האָבן אים געשטיצט מאָראַליש און פינאַנציעל. דאָ איז ווידער געווען אונזער אַלטער פריינט מאָרים ווינטשעווסקי, און אַ צאָל אַנדערע פון דער ערשטער אָפּאָזיציע, צווישן זיי דער אַלטער און בכבוד'יקער י. נעטער. אפילו יעקב גאָרדין, וואָס איז אין דער ערשטער אָפּאָזיציע געשטאַנען פון דערווייטנס פון אַלע מחלוקות, איז דאָס מאָל צוגע־טראָטן צו מילערס „וואָרהייט". מילער האָט אויך געוואונען אַ סך פרעסטיזש פון דעם, וואָס דר. זשיטלאָווסקי האָט געמאַכט זיין אכסניה אין דער „וואָרהייט", און אויב איך האָב ניט קיין טעות, איז אויך יהואש געווען איינער פון זיינע מיטאַרבעטער.

שפּעטער, ווען ער האָט זיך צעריסן אויך מיט זיינע שותפים, און זיי האָבן אים אַרויסגעצאָלט זיין חלק, האָט ער פּרובירט אַ דריטן מאָל, און ער האָט ווידער געפונען פריינט און אַרויסהעלפער, אָבער דאָס מאָל האָט עס זיך מער ניט איינגעגעבן. ער האָט פּרו־בירט אַ פערטן מאָל — אומזיסט! ניט געווען מער קיין כחות! די שכינה האָט זיך אָפּגעטאָן. צו דעם איז צוגעקומען אַ פּריוואַטער אומגליק, דאָס גרעסטע אומגליק וואָס קען טרעפן אַ מענטשן, זיין איינציקער זון איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

דעם ביטערסטן טראָפּן וואָס מילער האָט געטרונקען, שיינט מיר, איז געווען זיין באַוואוסטזיניקייט, אַז קאַהאַן האָט אים מנצח געווען. דאָס איז געווען דאָס ביטערסטע פון אַלעם. עטלאַכע חדשים פאַר זיין טויט, האָט ער צו מיר געזאָגט, אַז ער מוז נאָך צוריק קומען צו זיין פריערדיקן שטאַנד. „מילער", האָב איך אים גע־זאָגט: „וואָס דאַרפט איר גיין מיט דער רעכטער האַנט צום לינקן אויער? איר ווילט צוריקקומען? זאָגט: איך בין דאָ, און די וועלט וועט וויסן, אַז איר זייט צוריקגעקומען. פאַרוואָס מוזט איר דוקא האָבן אַן אייגענע צייטונג?

„איר פאַרשטייט מיך ניט". איז געווען זיין ענטפער. ער האָט זיך אַביסל פאַרטראַכט און נאָכהער צוגעלייגט: „קאַהאַן האָט בעסער אויסגעפירט פון מיר. זיין פּאָליטיק איז געווען אַ בעסערע". איך האָב אים גראָד יאָ פאַרשטאַנען.

אין די פּרואווון און אוואַנטורעס, האָט מילער פאַרלוירן דאָס גאַנצע געלט וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט אין דער „וואַרהייט". מען האָט נאָכדעם דערציילט, אַז מילער הונגערט... דער „טאָג" האָט אים געגעבן אַ געלעגנהייט „צוריקצוקומען", אָבער עס איז מער ניט געגאַנגען. ער איז געוואָרן אַן אָרימאַן און איז געשטאָרבן אָרעם, פאַרלאָזן און פאַרנאַכלעסיקט...

איך בין דאָ פאַרלאָפן צו ווייט פאָראויס. איך האָב גאָר ניט געהאַט בדעה צו רעדן וועגן מילערס פּערזענלאַכן שיקזאַל אין זיינע לעצטע יאָרן... איך האָב זיך פּשוט פאַרגעסן. עס נעמט ביים האַרצן, ווען מען באַרעכנט וואָסער גוואַלדיקע קראַפט עס איז גע־גאַנגען אין ניוועץ. מילער איז געווען, מען קען זאָגן, אַ געניאַלער מענטש. וואָלט ער געהאַט מער בילדונג, און וויניקער טעמפּעראַ־מענט, וואָלט ער ניט געווען געדופעט אַזוי שטאַרק אויף זיינע איי־גענע כחות — מיר וואָלטן אָן שום ספק געווען געהאַט צו דערציילן אַ שענערע און אַ סך אינטערעסאַנטערע געשיכטע פון לואי מילער. ניט באַשערט געווען.

צוועלפטער קאפיטל

# דער „פאָרווערטס" מאַכט די ערשטע טריט

מיר זיינען אָנגעקומען אין אונזער דערציילונג ביז צו דעם פאַסקוויל וואָס מילער און ווינטשעווסקי האָבן אָנגעשריבן און אונטערגעשריבן פאר 50 אַנדערע גענאָסן, וואָס האָבן דעם באַשולדי־קונגס־אַקט קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען.

שטעלט מען זיך דאָ אָפּ. ווי עס טוען אַנדערע, באַקומט מען א פאַלש בילד, סיי פון דעם „אבענדבלאַט", סיי פון דער ראָלע וואָס דער „פאָרווערטס" האָט געשפּילט אין דעם אונטערגאַנג פון דעם „אבענדבלאַט".

ווי די זאַך שטייט היינט צו טאָג, ווייסט יעדער איינער וואָס אינטערעסירט זיך מיט דעם ענין, אַז דער „פאָרווערטס" איז די ווייט־פאַרשפּרייטסטע, די רייכסטע און די איינפלוסרייכסטע אידישע צייטונג אין דער וועלט, מיט אב. קאַהאַן אלס דער דערפאָלגרייכסטער רעדאַקטאָר. מער ווי דאָס ווייסט קיינער פון דעם ענין גאָרניט. דאָס „אבענדבלאַט", פון דער צווייטער זייט, איז אויף דער וועלט ניטאָ, און האָט ניט געלאָזן קיין סך פריינט הינטער זיך. אַזוי ווייט איז דאָס גאַנץ ריכטיק. פאַלש איז נאָר די געשיכטע וואָס מען דערציילט ווי אַזוי דאָס איז געשען. און דערציילן דערציילט מען, אַז אין א געוויסע צייט האָבן געוויסע מענטשן פאַרכאַפּט די צוויי סאָציאַליסטישע צייטונגען, זיינען געקומען אַנדערע גרויסע, גוטע און ערלאַכע מענטשן און האָבן פּרובירט אַרויסצוררייסן די צייטונגען פון די הענט פון די רשעים, און ווען דאָס האָט זיך ניט איינגעגעבן, האָבן זיי געגרינדעט דעם „פאָרווערטס", וואָס האָט פאַרטריבן פון מאַרק דעם „אבענד־בלאַט", און אַזוי אַרום געמאַכט א סוף צו די שלעכטע מענטשן, די קליקע, און די שלעכטע זאַכן. מיר האָבן שוין אויבן געזען, אַז די ערשטע העלפט פון דער געשיכטע איז ניט אמת. פונקט אַזוי איז

ניט אמת, אז דאָס „אבענדבלאַט" איז אונטערגעגאַנגען צוליב דעם „פאָרווערטס". אויך אין דעם פּרט שטייט דער אמת אויפן קאָפּ.

איך וויל ניט מאַכן דעם איינדרוק, אז די אָפּאָזיציע, מיט אַלע אירע מעשים, מיט איר פּראָפּאַגאַנדע אין ניו יאָרק און אין דער פּראָווינץ, מיט דעם סקאַנדאַליעזן פּאַסקוויל, מיט דער געשפּראָכענער צייטונג, און צום סוף, מיט דעם ארויסגעבן פון דעם „פאָרווערטס" האָבן גאָר ניט געהאַט קיין ווירקונג אויף דעם אונטערגאַנג פון דעם „אבענדבלאַט". אזא באַהויפּטונג וואָלט געמיינט פאַרמאַכן די אויגן צו טאַטזאַכן. אודאי האָבן די אַלע זאַכן שטאַרק צעטרייסלט דעם פונדאַמענט פון דעם „אבענדבלאַט". אזעלכע זאַכן גיבן ניט צו קיין געזונט צו אינסטיטוציעס וואָס זיינען אָנגעוויזן אויף דעם גוטן ווילן פון גרויסע מאַסן. אָבער דאָס אליין וואָלט קיינמאָל ניט געווען געבראַכט די צייטונג צום אונטערגאַנג. עס איז, פאַרקערט, העכסט וואַרשיינלאַך, אז דער „פאָרווערטס" וואָלט ניט געווען געקאָנט אויסהאַלטן, ווען עס וואָלטן ניט צוגעקומען די אנדערע אורזאַכן וואָס האָבן סוף כל סוף געבראַכט דאָס „אבענדבלאַט" צום אונטערגאַנג. עס איז פּונקט ווי איינער, וואָס איז אַמאָל געווען קראַנק אויף נירן קראַנקהייט און איז יאָרן שפּעטער געשטאָרבן פון האַרץ אָנפאַל. אודאי איז מעגלאַך אז דער חולה וואָלט בעסער און לענגער געקאָנט אויסהאַלטן דעם האַרץ פעלער, ווען ניט די פריערדיקע נירן קראַנקהייט, געשטאָרבן אָבער איז דער מענטש ניט פון דער ערשטער קראַנקהייט. דער פאַקט איז, אז דאָס „אבענדבלאַט" האָט עקזיסטירט גאַנצע 5 יאָר צוזאַמען מיט דעם „פאָרווערטס" און אין יענע 5 יאָר — פון 1897 ביז 1902—איז דער „פאָרווערטס" געווען א נישטיק, קליין און אָרים בלעטל, וואָס האָט קיין שום איינפלוס ניט געהאַט אחוץ אויף דעם ענגן קרייז אנהייגער, און דאָס אויך ניט אויף אַלע. אין יענע 5 יאָר האָט דער „פאָרווערטס" פאַרמאַכט די „צוקונפט", וואָס קאַהאַן האָט געהאַט פאַרכאַפּט. אין יענע 5 יאָר האָט דער „פאָרווערטס" צוויי מאָל זיך אָנגעבאָטן צום פאַרקויף. איינמאָל צו דעם „טאַגעבלאַט", דעם אויסגעשפּראָכענעם דם שונא פון די ארבעטער און די ערגסטע בטלנישע יארמעלקע צייטונג, וואָס האָט ווען עס איז עקזיסטירט. אויף דעם „פאָרווערטס" פון יענער צייט קען מען מיט רעכט געברויכן דעם פסוק פון דעם נביא: „ותפשקי רגליך לכל עובר..." און גראַד אין יענער צייט איז „דאָס

אבענדבלאט" שטארק געשטיגן:

„אין יאנוואר 1900 (קנאפע דריי יאָר נאָך דער גרינדונג פון „פאָרווערטס"—י. מ.), האָט זיך דאָס „אבענדבלאט" פאַר־גרעסערט פון 6 אויף 8 זייטן, און אין אוגוסט האָט ער געקויפט צוויי זעץ מאַשינען (בורגין 637).

ערשט אין 1902, 5 יאָר נאָכדעם ווי דער „פאָרווערטס" איז געוואָרן געגרינדעט, און נאָכדעם ווי דאָס „אבענדבלאט" איז אונטער־געגאנגען צוליב אנדערע סיבות, ווי מיר וועלן באלד זען — ערשט דעמאָלט האָט דער „פאָרווערטס" אָנגעהויבן צו גיין בארג ארויף. יאָ, בארג ארויף!

עס איז געוועזן דער בארג פון אידישע צרות, וואָס אויף אים האָט דער „פאָרווערטס" געקלעטערט מיט פעסטע און זיכערע טריט צו דעם שפיץ פון זיין פינאנציעלן דערפאָלג. דאָס זיינען געווען אידישע פאָגראָמען און אַנדערע אידישע צרות אין דער גאַנצער וועלט, וואָס דער „פאָרווערטס" האָט זייער געשיקט אויסגענוצט פאַר זיינע אייגענע צוועקן.

איך וויים דאָס גאַנץ גענוי פון מיין אייגענער דערפאַרונג. איך וועל דאָס פונדעסטוועגן זוכן צו באַשטעטיקן דורך צוויי עדות, איי־נער פון וועלכע, ווי שוין געזאָגט, איז געשטאַנען אונטער דער השפעה פון דעם „פאָרווערטס" גופא בעת ער האָט דאָס געשריבן. איך מיין דאָ ווידער ה. בורגין.

שרייבט בורגין:

„אין 1902-1903, ווי געזאָגט, האָט שוין דער „פאָר־ווערטס" גענומען וואַקסן אונטערן איינפלוס פון די פאָגראָמען אין קישינעוו און אין האָמעל. אין 1903 איז די אידישע אי־מיגראציע געשטיגן הויך. אגב האָט דער אידישער פובליקום גענומען מער לעזען צייטונגען. אויך איז שוין געווען גרויס די צאָל אידישע ארבעטער און רעוואָלוציאָנערן וואָס זיינען גע־לאָפן אהער פון רוסלאנד" (זייט 632).

קלמן מרמר שרייבט וועגן דעם זעלביקן ענין אביסל גענויער:

„דער אונטערגאנג פונם „אבענדבלאט" און דער „ארביי־טער צייטונג", (אין 1902) האָט איבערגעלאָזן א פרייען פעלד

פארן „פאָרווערטס". „דאָס אבענדבלאַט" האָט פארלאָרן זיין איינפלוס מחמת א סך טעמים. הויפּטזעכלאך צוליב קראנצעס קאַמף קעגן שטראָם פון אידישן פאַטריאָטיזם בעת דער דרייפוס אפערע, און דעם אַמעריקאַניש־שפּאַנישן קריג (אין 1888). דאָס אבענדבלאַט האָט דערביי פארלאָרן ארום א העלפט (?) פון זיינע 18000 קויפער. דערצו האָט עס נאָך געהאַט אויף זיך קאָסטבאַרע פּראָצעסן פאר באליידיקן לואי מילער און דאָס „טאַגעבלאַט". פארקערט, דער „פאָרווערטס" האָט געטיילט (צעבלאָזן!—י. מ.) די געפילן פון די ברייטע אידישע מאַסן, ניט בלויז אין זייער סימפּאַטיע מיט דרייפוסן נאָר אויך מיט זייערע נקמה געפילן קעגן שפּאַניע פאר אירע אינקוויזיציעס און גרושים מיט דורות צוריק. דערצו האָט זיך אָנגעהויבן די פריער דערמאָנטע, שטארקע אימיגראַציע פון ראדיקאל גע־שטימטע מאַסן, וואָס האָבן זיך גרופּירט ארום דער סאָציאַליס־טישער ציימונג"...*)

אָט דאָ האָבן מיר א שטיקל פון דעם בילד וואָס די צוויי צייטונגען האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט צו יענער צייט. אָבער די צוויי נאָר וואָס ציטירטע דערציילן אונז ניט אַלץ. זיי זיינען „מגלה טפח ומכסה טפחים" (זיי דעקן אויף איין צאָל און פארדעקן צוויי). זיי זאָגן און דערזאָגן ניט. אָבער ביסלאכווייז, שטיקלאכווייז קענען מיר צוזאמענשטוקעווען דאָס בילד פון זייערע אייגענע ווערטער. מיר זען אצינד, אז בעת דאָס „אבענדבלאַט" האָט זיך אָנגעשטרענגט צו האלטן אין צוים די טאָפּלטע שאָוועניסטישע שטרעמונגען און געפילן פון די אומוויסנדע אידישע לעזער, האָט דער „פאָרווערטס" פון אָנהויב אָן געבויט אויף דעם שאָוויניזם, און האָט דאָס אויסגע־נוצט פאר זיין צירקולאַציע און דאָס האָט אים אויך געהאָלפן.

---

*) ווי לייכט פארהעלטניסמעסיג עס איז געווען אין דעם יאָר 1902 צו מאַכן א דערפאָלג מיט א אידישער צייטונג, קען מען זען פון דעם, וואָס א גאַנץ פּשוטער איד, אן איינפאַכער סוחר, מיטן נאָמען יעקב סאַפּירשטיין, א איד אָן וואָסער עס איז ספּעציעלע פּרינציפּן, אָן וועלכער עס איז פּאַרטיי הינטער זיך; אָן היסטעריקע; אָן איינע פון די „פאָרווערטס" מעטאָדן; אָן וואָסער עס איז אויסצייכנונג אחוץ די וואָס ער פלעגט ארויסגעבן שונד ראָמאַנען, ווי: „די געהיימניס פון דעם רוסישן הויף" אין העפטן; אפילו אָן א גרויסן קאַפּיטאל, האָט צו יענער צייט אנגעהויבן ארויסצוגעבן דעם „מאָרגען זשורנאל", וואָס האָט אודאי געמאַכט ניט קיין קלענערן געשעפטלאכן דערפאָלג פון דעם „פאָרווערטס", ביז אויף היינטיקן טאָג.

אַט דעם פּונקט דאַרף מען ניט ארויסלאָזן פון אויג. דאָס איז דער שליסל צו דער סיטואַציע. דאָס דערקלערט דעם דערפאָלג פון „פאָרווערטס", און דאָס איז געווען דאָס טרויעריקע פאַרדינסט פון ל. מילער. ער האָט דער ערשטער געשטעלט דעם טאָן פון געלן זשורנאַליזם ביי אידן. און דער „פאָרווערטס" האָט די אויסצייכנונג צו האָבן געווען די ערשטע צייטונג, וואָס האָט באַוויזן דעם וועג צום געלן זשורנאַליזם. קאַהאַן באַרימט זיך דערמיט, הגם דער „פאַרדינסט" איז ניט אין גאַנצן זיין. ער איז נאָר געווען א געטרייער נאָכפאָלגער. ערשט ניט לאַנג צוריק, דעם 22טן אפּריל, 1934, צו דעם 37טן יאָר טאָג פון דעם „פאָרווערטס", האָט אב. קאַהאַן אין א רעדע געזאָגט:

„דער געבורטסטאָג פון דעם „פאָרווערטס" איז אין דעם ווירקלאַכן זין פון וואָרט, דער געבורטסטאָג פון דער גאַנצער אידישער פּרעסע... אפילו די דעמאָלסדיקע סאָציאַליסטישע „ארבייטער צייטונג" האָט ניט פאַרשטאַנען ווי צו ציען די מאַסן. (דאָס „אבענדבלאַט" פארגעסט ער.—י. מ.)

„דער „פאָרווערטס" האָט געמאַכט אַן אמת'ע רעוואָלוציע אין די אַלע באַגריפן, און דער „פאָרווערטס" איז געוואָרן א מוסטער פאַר אַלע אידישע צייטונגען אין אמעריקע און אויך אין אייראָפּע... אַלע אנדערע אידישע צייטונגען אין אמעריקע פּרוּאוון איבערנעמען די מעטאָדן פון „פאָרווערטס". („פאָרווערטס", אפּריל 23, 1934).

וואָס עס זיינען די מעטאָדן פון „פאָרווערטס" איז ניט מיין טעמע אָבער די פריער ציטירטע ווערטער פון קלמן מרמר קאָנען געבן א שטיקל באַגריף פון יענע מעטאָדן. פון דער צווייטער זייט, איז דורך א ריינעם צופאַל, דערשינען א נאָטיץ אין דער „פרייע ארבייטער שטימע" פון דעם 20טן אפּריל 1934 — דריי טעג איידער קאַהאַן האָט גערעדט פון די „פאָרווערטס" מעטאָדן, — וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם גייסט וואָס האָט געהערשט אין דעם „אבענדבלאַט" פון דעם יאָר 1901, ווען די צייטונג איז שוין געווען ריין דעליאָניסטיש.

אין דער אפּטיילונג „צווישן זיך געשמועסט" ענטפערט ש. יאַנאָווסקי דעם „מילוואָקער וואָכנבלאַט" וועגן אַן ענין וואָס באַלאַנגט ניט דאָ אהער צווישן אנדערן שרייבט יאַנאָווסקי:

„לאָמיך איך דאָ דערציילן עטוואָס פון אונזער אייגענער דערפאַרונג. דאָס איז געווען אין דער צייט (אין 1901—י. מ.) ווען אַ געוויסער מאַן מיטן נאָמען טשאָלגאָש האָט דערשאָסן פּרעזידענט מאַקינלי; אויסגעלאָזן האָט זיך דער גאַנצער גרימצאָרן פון נויארק אויף דער „פ. א. ש. דרוקער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו דרוקן איר. עס האָט געהאַלטן זייער שמאָל (נאָענט— י. מ.) אַז די „פ. א. ש." זאָל ניט קענען דערשיינען. צוערשט איז עס געווען, ווייל דער לענדלאָרד וואו די דרוקעריי פון דער „פ. א. ש." האָט זיך געפונען האָט אונז פּשוט ארויסגעשטעלט אין גאַס. און דאַן אַז מיר האָבן שוין געפונען אַ קעלער אין פּיט סטריט, איז ניט געווען קיין דרוקער אין גאַנץ ניו יאָרק וואָס זאָל וועלן דרוקן די „פ. א. ש." אין מיין פאַרצווייפלונג האָב איך זיך דאַן געווענדט צו דעם „אבענדבלאַט". איך האָב ניט גערעכענט, אַז די דעליאַניסטישע באַלעבאַטים פון „אבענדבלאַט" זאָלן ארייננעמען די אנארכיסטישע „פ. א. ש.", אבער מען מוז פּרובירן, און איך האָב דאַן דעם מענעדזשער (געשעפטס פירער) דערקלערט די לאַגע, האָב אים געזאָגט, אַז אין דעמזעלבן נומער, וועלכן איך וויל ער זאָל דרוקן פאַר מיר, איז דאָ אַ שטאַרקער אַנגריף אויף די סאָציאַל-דעמאָקראַטן. זיין ענטפער איז געווען — זיי האַלטן זיך ניט פאַר קיין צענזאָרס, און פאַר אַ רייע פון וואָכן האָבן זיי געדרוקט די „פ. א. ש." דאָס איז ניט געווען קיין פראַגע פון אַ דזשאָב (באַשטעלונג י. מ.), ווארום עס האָט זיך זיכער ניט געהאַנדלט וועגן הונדערטער דאָלאַרס. עס האָט זיך געהאַנדלט צו אַ צייטונג ווערט מיט רעכט אָדער אומרעכט פאַרפאָלגט זאָל געגעבן ווערן אַ מעגלאַכקייט צו דערשיינען צום טראָץ פון דער צעיושעטער רעאַקציע."

אַ שאָד וואָס יאַנאָווסקי האָט ניט געפונען פאַר נויטיק צו דערמאָנען דעם נאָמען פון יענעם מענעדזשער. ער האָט עס פאַרדינט. יעדנפאַלס דאָס ווייזט דעם גייסט און די מעטאָדן פון דעם „אבענדבלאַט", וואָס איז געווען גאַנץ אַנדערש פון דעם גייסט און די מעטאָדן פון דעם „פאָרווערטס". אבער...

מיר זיינען ווידער אראָפּ פון דעם וועג א קליין ביסל. לאָמיר צוריקקומען צו אונזער ענין. לאָמיר איצט געבן א קוק וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין „פאָרווערטס" די ערשטע 5 יאָר פון זיין עקזיסטענץ. מיר וועלן דעמאָלט זען אויף וויפיל ס'איז אמת מיין באהויפּטונג, אז דער „פאָרווערטס" האָט ניט געקענט גורם זיין דעם אונטערגאנג פון דעם „אבענדבלאט".

דרייצנטער קאפיטל

# קאַהאַן אַנטלויפט פון דעם „פאָרווערטס"

דער ערשטער נומער „פאָרווערטס" איז דערשינען דעם 22טן אפריל 1897 אונטער דער רעדאקציע פון אב. קאהאן. אין אוגוסט פון דעמזעלביקן יאָר, אין גאנצן פיר חדשים נאָך דער עפּאָכע מאַכענדע געשעעניש, האָט קאַהאַן רעזיגנירט פון זיין אַמט, און איז געבליבן אוועק גאנצע פינף יאָר. ווען ער איז צוריקגעקומען איז ער ניט געקומען מיט אמאָל. צובִיסלאָך האָט ער שוין אָנגעהויבן שרייבן אביסל פריער, אבער אלס אָנגעשטעלטער רעדאקטאר איז ער צוריק־געקומען ניט פריער ווי אין פינף יאָר ארום, אָט די זעלביקע 5 יאָר פון וועלכע עס איז פריער געווען די רייד, און פונקט אביסל נאָכ־דעם, אדער כמעט גלייכצייטיק מיט דעם אונטערגאנג פון דעם „אבענדבלאט".

„דער לעצטער נומער „אבענדבלאט" איז ארויס דעם 13טן אפריל 1902 (בורגין 638). און קאהאן איז געוואָרן רעדאקטאר פון „פאָרווערטס" אין פרילינג פון 1902".*) (629).

ווי אזוי האָט אזא זאך געקאָנט געשען ? וואָס האָט גורם געווען וואָס נאָך אזא גוואלדיקער אָנשטרענגונג, און נאָך אזא גרויסן נצחון ווי עס איז געווען די גרינדונג פון „פאָרווערטס", זאָל קאהאן אוועק־גיין פיר חדשים נאָך דער געשעעניש אויף גאנצע 5 יאָר און זאָל צוריקקומען גראָד דעמאָלט ווען דאָס „אבענדבלאט" איז געווען אונטערגעגאנגען ?

די שריפטשטעלער וואָס האָבן זיך באשעפטיקט מיט דעם ענין ביז היינט, ווי בורגין און מרמר, האָבן דעם אינצידענט פארשלונגען אזוי, אז דער ניט צוגעוואוינטער לעזער כאַפּט זיך ניט וואָס דאָ איז

*) זע אויך: אב. קאהאנס „בלעטער פון מיין לעבן". דריטער באנד, זייט 464 און ווייטער.

געשען. בורגין האָט געזוכט צוגעבן אַלע פאַקטן, אויף וויפיל מעג־לאַך, אבער ער האָט זיי אזוי אויסגעשטעלט, אז עס איז שווער צו קריגן א פול בילד פון דער גאנצער זאַך. איך האָב מורא, אז איך אליין וועל אויך ניט זיין בכח צו מאָלן דאָס בילד ווי געהעריג. וואָס איז שייך דעם „פאָרווערטס" פון יענע 5 יאָר, בין איך א דרויסנ־דיקער. איך קען נאָר אריינקוקן דורך די פענסטער, און די שויבן זיינען שטאַרק פאַררויכערט. איך האָב זיך געווענדט צו עטלאַכע פון די פריערדיקע אָפּאָזיציאָניסטן נאָך איינצלהייטן. זיי זיינען געווען באַגייסטערט פאַר דער אידעע, וואָס איך האָב זיך גענומען באשרייבן יענע עפּאָכע און האָבן מיר צוגעזאָגט הרים וגבעות, אָבער ווען עס איז געקומען דערצו האָבן זיי זיך אַלע אָפּגעקילט. איינער פון זיי האָט מיר געזאָגט גאַנץ אָפן, אז דאָס וואָלט פאַר אים געווען איינ־פאַכע משוגעת און זעלבסטמאָרד צו טאָן אזא זאַך, ווי צו שרייבן עטוואָס וועגן, אדער געגן, דעם „פאָרווערטס", אפילו פון יענער צייט.

צום גליק האָבן מיר קאַהאַנען, וואָס האָט בטבע האָלד צו מאכן „פון א וואָרט א קוואָרט", און מרבה דברים — רעדט מען זיך אַמאָל ארויס א גלייכע זאַך.
לאָמיר זשע אביסל נאָכפאָלגן קאַהאַנען.

לייענענדיק קאַהאַנס „בלעטער פון מיין לעבן" וועגן יענער פּע־ריאָדע ווערט קלאָר, אז אַלע דריי צדדים פון דער אָפּאָזיציע האָבן זיך געפונען אָפּגענאַרט און אנטוישט אזוי שנעל ווי זיי זיינען זיך צוזאַמענגעקומען צו טאָן ריכטיקע ארבעט. ווינטשעווסקי האָט שנעל אויסגעפונען, אז קאַהאַן איז ניט דער אידעאַלער רעדאַקטאָר פאַר א טעגלאַכער צייטונג, לכל הפחות ניט אין דעם פּרט פון „פרייע פרעסע".

דער נייער פאַרוואַלטונגס־ראַט (דער „פאָרווערטס" האָט אויך געהאַט אזא אינסטיטוציע.) האָט אויסגעפונען, אז די „קליקע" פון „אבענדבלאַט" איז גאָר ניט געווען אזוי געפערלאַך; קאַהאַן ווידער האָט אויסגעפונען, אז דער נייער פאַרוואַלטונגס־ראַט איז ערגער פון דעם אַלטן.

ווי קאַהאַן דערציילט איז די אומצופרידנהייט מיט אים ארויס־געקומען פון דעם וואָס ער האָט ניט געוואָלט אַטאַקירן דאָס „אבענד־בלאַט". דאָס קען זיין איז אמת. קאַהאַנס הויפּט כלי זין, ווי שוין

אויבן באַמערקט, איז טויט שווייגן, ניט אַטאַקירן. קען טאַקע זיין, אַז ער האָט געזוכט צו דער׳הרג׳נען די צייטונג מיט טויט־שווייגן.

שרייבט קאַהאַן:

„פילע געגנאָסן זיינען געווען איינפאַרשטאַנען מיט מיר, אָבער ניט אַלע. די אומצופרידענע האָבן געזאָגט, אַז איך בין קאַפּריזנע, אַז איך וויל ווערן א קיסר — דיזעלבע טענות וואָס מען האָט געגן מיר געהערט פון דער „קליקע". אין אמתן אָבער האָט דאָס געהייסן, אַז איך האָב א פעסטע איבערצייגונג וועגן דער טאַקטיק וואָס דער „פאָרווערטס" דאַרף פּראַקטיצירן. איך האָב ניט נאָכגעגעבן"...

„ניט וועגן א הוילע מיינונגס פאַרשידנהייט האָט עס זיך געהאנדלט צווישן ווינטשעווסקי און מיר". שרייבט ווייטער קאַהאַן.

„עס איז געווען נאָך עפּעס. אויסערלאָך זיינען מיר געווען אין גוטע באַציאונגען, אָבער ניט אין הארצן".

„ווינטשעווסקיס ארגומענטן האָב איך (און ניט נאָר איך) איבערהויפּט ערנעסט ניט גענומען. ער האָט צום ביישפּיל געמאכט א גאנצן וועזן פון דעם פּרינציפּ פון „פרייע פּרעסע". דאָס האָט ביי אים געהייסן, אַז יעדער זאָל אין „פאָרווערטס" זיין פריי אויסצודריקן זיינע מיינונגען. דיזער פּרינציפּ איז ביי אים געווען טייערער ווי אַלץ, פלעגט ער זאָגן. איך ווידער האָב געגלויבט, אַז דאָס זיינען שיין קלינגענדע ווערטער, וועלכע האָבן ניט קיין פּראַקטישע ממשות".

„ווען ווינטשעווסקי איז ארויסגעקומען מיט זיינע אַטאַקעס אין „אמת" (מיט צוויי יאָר פריער—י. מ.) האָבן פילע גענאָסן זיך געפרעגט: וואָס וויל ער? וואָס טשעפּעט ער זיך? וואָס האָט ער אין זינען? אזוי האָבן גערעדט ניט נאָר די „לאָיאַלע", נאָר פילע פון אונז אויך. אָן ענלאכן געפיל האָט ער ארויסגערופן מיט זיין איצטיקער אַגיטאַציע פאַר דעם פּרינציפּ פון „פרייע פּרעסע".

„דער אמת איז, אַז קיין אייניקייט איז צווישן די פאָרווערטיסטן דאַן ניט געווען. אין די ערשטע דריי און א האלב יאָר פון דער „ארבייטער צייטונג" האָט אין דער פּובלישינג

אסאָסיאיישאַן עקזיסטירט אַ וואַרימע פריינטשאַפט צווישן די געגנאָסן. אין דעם „פאָרווערטס" פרעס פאַרבאַנד האָט אַזאַ גייסט אויך עקזיסטירט, אבער נאָר אין דעם „רענק און פייל" (די פּראָסטע סאָלדאַטן—י. מ.) ווענן די פירער האָט מען דאָס ניט געקענט זאָגן".*)

הכלל, קיין שלום איז ניט געווען. קיין סך כבוד ווי עס זעט אויס, האָט קאהאַן אויך ניט געקראָגן; קיין פּרנסה איז אויך ניט געווען. צו וואָס זשע האָט אים געטויגט דער גאַנצער עסק? האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק. זאָלן די אַנדערע אויפעסן די קאַשע, וואָס ער האָט געהאָלפן פאַרקאָכן.

אויף מילערן קען מען שוין דאָס ניט זאָגן. האָט ער אונטער־גענומען אַ זאַך, איז ער געשטאַנען ביז צום סוף. עס האָט אים געמעגט קאָסטן זיין קאָפּ איז ער פון פעלד ניט אָפּגעטראָטן. זאָגט, וואָס איר ווילט. ס'איז אַנגענעמער צו פאַרלירן מיט אַזאַ איינעם איידער צו געווינען מיט דעם אַנדערן מין.

ווען קאהאַן איז אַוועק, איז מילער געבליבן דער אומבאַשטרי־טענער באַלעבאָס פון דעם „פאָרווערטס". האָט ער גענומען שאַל־טעווען אויף זיין אופן.

ווי מיר האָבן שוין געזען, איז דעמאָלט אין אמעריקע פונקט אָנגעגאַנגען די ספּאַניש־אמעריקאַנישע מלחמה פאַר דער באַפריי־אונג פון קובאַ. ווער קען נאָך זיין פאַר באַפרייאונג פון אַן אונטער־דריקט פאָלק ווי אַ סאָציאַליסטישע צייטונג ווי דער „פאָרווערטס"! האָט מילער גענומען בלאָזן פּאַטריאָטיזם, שאָוויניזם און פרייהייט אויף דעם סקאַנדאַליעזסטן אופן. דאָס „אַבענדבלאַט", ווידער, ווי ס'איז געווען נאַטירלאַך פאַר אַן אמת'ע סאָציאַליסטישע צייטונג, האָט ניט געוואָלט, און ניט געקענט וועלן, וויסן פון דעם צעיאַכ־מערטן שאָוויניזם. זי האָט כסדר אָנגעוויזן, אַז אונטער די פרייהייטס געשרייען פון די אמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטן האָט זיך געהערט דער געשריי פון קריגן אַ פרייען צוטריט צו די קובאַנישע צוקער פּלאַנ־טאַציעס. אין 1899 האָט די דרייפוס אַפערע געמאַכט גרויסן אויפ־זען אין דער וועלט. דאָס איז געווען אַנאַנדער לעקעכל אָן וואָס

*) "בלעטער פון מיין לעבן", 4טער באַנד—זייטן 481 און ווייטער.

מילער האָט זיך אָנגעכאַפּט, און וואו דאָס „אבענדבלאַט" איז ווי־דער געוועזן קיל. אין די צוויי פּונקטן האָט דער „פאָרווערטס" געהאַלטן צוויי טרומף קאַרטן געגן דעם „אבענדבלאַט", אבער דאָס האָט אים ניט געהאָלפן, ניט פינאנציעל און ניט מאָראַליש, אזוי אַז אין אַ געוויסע צייט איז דער „פאָרווערטס" געווען אזוי געזונקען, אַז ער האָט זיך אָנגעבאָטן, ווי שוין דערמאָנט, צו די באַלעבאַטים פון דעם „טאָגעבלאַט".

דער היינטיקער דור איז גאָר ניט מסוגל צו באַגרייפן דעם מאָראַלישן נידערגאַנג וואָס איז געלעגן אין דער פּראָבע איבער־צוגעבן דעם „פאָרווערטס" צו דעם טאַבאַק שמעקערישן „טאָגע־בלאַט" פון יענער צייט.

מען מוז וויסן וואָסער פּנים יענע בטלנישע צייטונג האָט געהאַט און וואָסער פּנים זי האָט געהאַט אין די אויגן פון אַלע פּראָ־גרעסיווע מענטשן מען זאָל קענען אָפּשאַצן וואָס דאָס האָט באַטייט. ניט נאָר איז די צייטונג געווען אַ כשרע, פרומע צייטונג מיט אַ רעדאַקטאָר, וואָס איז צוריקגעקומען פון דער שמד, ווי מען האָט דעמאָלט גערעדט, זי איז אויך געווען הינטערשטעליק אין יעדן מאָדערנעם געדאַנק, אפילו אין איר סטיל. דערצו איז זי געווען אזוי ביטער אַנטי־סאָציאַליסטיש, אַז עס איז פּשוט געווען אַ חלול השם זיך צו פאַרבינדן מיט דער צייטונג. דערפאַר טאַקע שעמען זיך די „פאָרווערטיסטען" מיט דעם, און זיי אַלע פאַרשלינגען דעם פאַקט ווען עס קומט צו רייד דערפון. קאַהאַן, אויב איך האָב ניט קיין טעות, דערמאָנט גאָר ניט דעם פאַקט, און בורגין זאָגט, אַז דאָס האָבן נאָר צוויי מענטשן, ליעף און פעלער, געוואָלט טאָן אָן דעם וויסן פון די איבעריקע. בורגין פאַרגעסט נאָר צו דערציילן, אַז ליעף און פעלער זיינען געווען די געשעפטס פירער פון דער צייטונג. דער „מסחר" איז דאָס מאָל ניט צו שטאַנד געקומען. די פאַרשטאָר־בענע מיסס פינקעלשטיין פלעגט דערציילן, אַז דאָס האָט זי אָפּגע־שריען דעם פאַסקודנעם מסחר. אַנדערע באַרימען זיך, אַז דאָס האָבן זיי ניט דערלאָזן, און נאָך אַנדערע ווילן גאָר ניט דערמאָנען דעם ענין.

ווי די זאַך זאָל ניט זיין, דאָס באַווייזט אין וואָסער לאַגע דער „פאָרווערטס" איז געווען צו יענער צייט.

דערווייל, האָט דער גאָט פון אָפּאָזיציע זיי צוגעשיקט די דעבס באוועגונג, וואָס האָט זיך גראַד צו יענער צייט אָנגעהויבן. די אָפּאָזיציע האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דער באוועגונג ווי איינער וואָס טרינקט זיך כאַפּט זיך אָן אָן א שטרוי. זיי האָבן פאַרביטן דעם דעספּאָט דעליאָן אויף דעם ליבנסווירדיקן דעבס. פון אצינד אָן וועלן זיי האָבן דעם נייעם און דעם אמתן סאָציאַליזם.

עס איז ניט דאָ מיין אויפגאַבע צו שרייבן די געשיכטע פון דער דעבס באַוועגונג, אָבער א קורצע כאַראַקטעריסטיק פון די הויפּט העלדן אין דערדאָזיקער דראַמע, וועט ניט זיין קיין אומזיסטע מי. עס וועט דעם לעזער, גלויב איך, געבן א בעסערן איינזיכט אין דעם גאַנצן ענין.

פערצנטער קאַפּיטל

# דעליאָן און דעבס

דאַניעל דעליאָן און יודזשין וו. דעבס — דאָס זיינען די צוויי אָנגעזעהנסטע פּערזענלאַכקייטן וואָס דער אַמעריקאַנער סאָציאַליזם האָט ביז היינט אויפצואווייזן.

זיי זיינען ביידע גלייך אין אָנגעזעענקייט, אָבער ניט אין מזל. איינער פון די צוויי, דעליאָן, ווערט לחלוטין צופיל אונטערשאַצט, בעת דער צווייטער, דעבס, ווערט לחלוטין צופיל איבערגעשאַצט. אויך צו אומשטערבלאַכקייט מוז מען האָבן מזל: איינער קריגט ווייניקער ווי ער האָט פאַרדינט, א צווייטער מער ווי עס קומט אים.

דאָס געזאָגטע זאָל ניט דינען ארונטערצומאַכן דעב'ס פאַר־דינסטן, עס וויל נאָר אויפהויבן צו דער געהעריקער הויך דעם גרויסן ווערט פון דאַניעל דעליאָן.

וויל מען זיך צוהערן צו דער האַלב־אָפיציעלער געשיכטע פון סאָציאַליזם אין אַמעריקע, ווי זי איז געשריבן פון דעם ניט לאַנג פאַרשטאָרבענעם מאָרים הילקוויט, אָדער ווי זי ווערט פאַרשפּרייט אומאָפיציעל פון דעם „פאָרווערטס", באַקומט מען דעם איינדרוק, אַז די צוויי פּערזענלעכקייטן שטעלן מיט זיך פאָר א קאָנטראַסט וואָס קען קיינמאָל ניט אויסגעגליכן ווערן. לויט דער דאָזיקער געשיכטע, האָבן מיר פון איין זייט דאַניעל דעליאָן, א האַרטער, שטרענגער מענטש, א פאַנאַטיקער, א דאָקטרינער, א קליינלאַכער דיקטאַטאָר, א שטן מקטרג וואָס האָט געוואָלט ניט אַנדערש ווי באַהערשן און טיראַניזירן דעם אַמעריקאַנער סאָציאַליזם, און די אַמעריקאַנער אַר־בעטער באַוועגונג, און האָט שיר, שיר ניט חרוב געמאַכט ביידע. א נס, וואָס עס האָט זיך באַצייטנס אריינגעמישט די „פאָרווערטס" אָפּאָזיציע, און שפּעטער די צווייטע אָפּאָזיציע פון דער ס. א. פּ. און האָבן אָפּגעראַטעוועט דעם סאָציאַליזם, און די אַרבעטער באַ־וועגונג פון דעליאָנס געפערלאַכע הענט.

פון דער צווייטער זייט שטייט דעבס. א מענטש א הארציקער — א מענטש וואָס פון אן איינפאַכן אייזנבאַן הייצער, האָט ער דורך זיין אייגענער קראַפט זיך דערשלאָגן צו ווערן אן ארבעטער פירער, ווי דער גאָט פון סאָציאַליזם האָט געבאָטן, און ער איז געקומען אין דער ריכטיקער צייט, ווי א גוטער מלאך, צו העלפן פאַרשפּרייטן דעם אמתן סאָציאַליזם צווישן די אַמעריקאַנער ארבעטער אויף דעם אַמעריקאַנישן שטייגער. גאָט ווייסט, וואָס עס וואָלט געוואָרן פון דעם סאָציאַליזם און פון דער גאַנצער ארבעטער באַוועגונג אין אמעריקע ווען ניט דעבס, דער מלאך הגואל. דאָס איז די „סקאַזקע".

עס איז א שיינע „סקאַזקע". אָבער איך האָב מורא, אז מען וועט זי מוזן אין גאַנצן איבערשרייבן, אויב מען וויל האָבן א געשיכטלאכע רעטראָספּעקציע, וואָס זאָל זיין אין הסכם מיט דעם אמת. ווארום דידאָזיקע „סקאַזקע" איז ניט דער אמת. זי איז געשאַפן געוואָרן אין א צייט פון פּערזענלאכן שטרייט, ווען די געמיטער זיינען געווען אָנגעשטרענגט און די געפילן — באַהערשט פון קנאה, שנאה; ווען דער ווילן צו פּאַרטיליגן א קרעפטיקן געגנער האָט דיקטירט איבערטרייבונגען און אין מאַנכע פאַלן אויסגערעכנטע פעלשונגען, לכל הפּחות בנוגע דער פּערזאָן פון דעליאָן.

שווין היינט קען מען באַמערקן א מילדערן טאָן צו דעליאָנען. עס איז נאָך ווייט פון דעם וואָס עס דאַרף זיין, און וואָס עס וועט בלי שום ספק קומען, אָבער דער אָנהויב מערקט זיך שוין. דער־זעלביקער מארים הילקוויט און זיין אוטאָביאָגראַפישן ווערק (לויזע בלעטער פון א באַשעפטיקטן לעבן) Loose Leaves From a Busy Life פירט שוין אין מאַנכע ערטער א ביסל א מילדערן טאָן ווי אין זיין „געשיכטע פון סאָציאַליזם און די פאַראייניגטע שטאַטן". אזוי האָט אויך לילִיאַן סיימס אין איר בוך Rebel America (דאָס רעבעלירנדע אמעריקע), וואָס זי האָט געשריבן צוזאַמען מיט איר מאַן טראַווערס קלעמענט, אָנגעשלאָגן א מילדערן טאָן בנוגע דעליאָנען, הגם הילקוויטס „געשיכטע" איז נאָך אלץ איר מוסטער, און זי פאָלגט נאָך געטריי אלע פעלערן פון יענער געשיכטע. עס איז ביי מיר גאָר קיין שום ספק ניט, אז דער טאָג איז ניט ווייט ווען די דעליאָן וואַגשאָל וועט נעמען אריבערוועגן אויף זיין זייט — ווי עס קומט אים, און ווי דער היסטאָרישער אמת פאָדערט דאָס.

## דעליאָן און דעבס

דערביי איז גאָר ניט נויטווענדיק דעבס׳ כבוד זאָל לײדן, אָדער זיין פאַרדינסט זאָל ווערן פאַרמינדערט.

ניטאָ וואָס צו לייקענען: צווישן די צוויי וויכטיקסטע פּער־זענלאַכקייטן שטייט א גרויסע מחיצה, א מחיצה פון אָפּשטאַמונג, דערציאונג, בילדונג, היימישע סביבה און אויך פּערזענלאַכע דיספּאָ־זיציע. דעליאָן, ווי שוין דערמאָנט, איז געווען אפשר דער געביל־דעסטער מענטש אין אמעריקע, זיין פאָטער איז געווען אָן אריסטאָ־קראַטישער דאקטאר, בעת דעבס, אינגלווייז א משרתל אין א שפּייז קראָם און דערנאָך אן אייזנבאַן הייצער, האָט אָנגעהויבן מיט גאָר אָן שום בילדונג, העכסטענס מיט א פאָלקס שול בילדונג. אמת, פון נאַטור איז דעבס געווען באַשאָנקען מיט א גרויסער מאָס אינטע־ליגענץ, און א באריידזאמקייט, וואָס האָט פאַר אים געוואונען פריינט און נאָכפאָלגער אומעטום, אָבער אין דעם פּרט האָט דעבס גאָר ניט געהאַט מיט וואָס זיך איבערצונעמען געגן דעליאָנען, דעם פאָלקס טריבון. דעליאָן איז געווען אן אינטעלעקטועלע קראַפט, ווייט, ווייט, אריבער דעם געוויינלאַכן, ווייט אריבער דעבסן.

מען זאָגט, דעליאָנס גרויסער חסרון איז געלעגן אין זיין פּער־זענלאַכן אומגאַנג מיט מענטשן. ער איז געווען שטרענג, שטאָלץ און באַליידיגענד, בעת דעבס איז געווען הארציק, גוטברודעריש און ליבלאַך. איך וויל דאָס ניט באַשטרייטן. איך וויל אויך ניט אָפּלייקענען, אַז פּערזענלאַכער מאַגנעטיזם איז א וויכטיקער עלעמענט אין פּאָליטישע באַוועגונגען, וואָס זוכן מאָמענטאַנעם דערפאָלג. אבער דער פּערזענלאַכער מאַגנעטיזם איז פון קליינעם ווערט אין אן אל־וועלטלאַכער באַוועגונג ווי די סאָציאליסטישע. די פּערזענלאַכע „ליבנסווירדיקייט״ קען דערפאַר ניט זיין די אורזאַך פון דעבס׳ דערפאָלג אין א פּארטיי וואָס איר מאָטאָ איז: קאַמף, קלאסנקאַמף. נאָך וויניקער קאָן דאָס דערקלערן פאַרוואָס מענטשן וואָס זיינען געווען קליגער און געבילדעטער פון דעבסן, און וואָס זיינען אליין גאָר ניט געווען אזוי ליבלאַך, האָבן זיך אונטערוואָרפן דעבס׳ פירער־שאַפט אפילו דעמאָלט ווען ער איז באַגאַנגען נאַרישקייטן. מאָריס הילקוויט, ווי עס דוכט מיר, האָט געמוזט פילן די אומאויסגעהאַלטנ־קייט פון דער סיטואציע, און ער האָט געזוכט א תירוץ פאַר זיין לאָגישן פאַרשטאַנד, אויב ניט אויך פאַר זיין סאָציאליסטישן געוויסן.

אין דעם שוין דערמאָנטן אוטאָביאָגראַפישן בוך, שרייבט הילקוויט אין זיין געוויינלאַך ראַפינירטן און הויך־דיפּלאָמאַטישן סטיל:

„עס איז ניט געווען פיל צו קריטיקירן אין דזשין דעבס („דזשין" איז פאַרצויגן פון יודזשין—י. מ.) ער האָט געמעגט ניט האָבן געווען קיין אָריגינעלער דענקער, אָדער א ווירקזאַ־מער אָרגאַניזאַטאָר. ער האָט געמעגט האָבן בייגעטראָגן ווייניג וואָס, אָדער גאָר ניט צו דער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַליס־טישער טעאָריע, אָדער צו דער איינפירונג פון א פּראַקטישער מעטאָדע פאַר דער באַוועגונג. דאָך איז ער בלי ספק געווען דער אָנגעזעענסטער פירער פון דעם אמעריקאַנער סאָציאַליזם. זיין קראַפט און איינפלוס זיינען געפלאָסן אין גאַנצן פון זיין אייגענער פּערזענלאַכקייט, און זייער קוואַל האָט געשטראָמט פון זיין אומבאַגרעניצטער ליבע צו דער מענטשהייט. איך האָב קיינמאָל ניט געקענט קיין שום פּערזאָן אַזוי קאָמפּלעט, כמעט קערפּערלאַך, דורכגעדרונגען מיט ליבע צו זיין מין.*)

„ליבע צו זיין מין!" וואו האָבן מיר געהערט די דאָזיקע ווער־טער? האָט ניט אמאָל דער קלוגער הילקוויט, צו פאַרטיידיקן זיין „אייפער" פאַר דעם גרויסן פירער, זיך אָנגעכאַפּט אָן דער קריסט־לאַכער אידעע פון ליבע און די גרויסע מידה וואָס דאָס קריסטענטום האָט צוגעשריבן צו יעזוס קריסטוס, און האָט דאָס ווערטערלאַך ארויפגעשריבן אויף דער שילד פון דעם סאָציאַליסט דעבס?

אַזוי זעט עס אויס.

עס קומט פאַר פריקרע ווען א מאַרקסיסטיש געבילדעטער סאָ־ציאַליסט, א „קלאַסנקאַמף" סאָציאַליסט, ווי הילקוויט האָט געזאָלט האָבן געווען, באַגייסטערט זיך צוליב דעם „אומבאַגרענעצטער ליבע צו דער מענטשהייט" פון „דעם אָנגעזעענסטן פירער פון דעם אמע־ריקאַנישן סאָציאַליזם."

עס קומט פאַר פריקרע, ווייל דאָס זאָגט גאָר ניט, און ווייל עס איז ניט דער אמת. יעדער סאָציאַליסט, אויב ער וויל, קאָן ער זיך באַרימען מיט „ליבע צו דער מענטשהייט". פאַרוואָס דען איז איינער א סאָציאַליסט, אויב ניט אויס ליבע צו דער מענטשהייט? פונדעסט־

---

* Loose Leaves From a Busy Life זייט 49.

וועגן, איז עס ניט קיין ליבע וואָס דער סאָציאַליסט פאָדערט פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט פאַר דעם ארבעטער קלאַס, אָדער פאַר דער מענטשהייט, און עס איז ניט ליבע וואָס ער זאָגט צו דעם קאַפּי־טאַליסט.

עס זיינען דאָ אויך אנדערע מענטשן, ניט־סאָציאַליסטן, וואָס טענה׳ן, אז זיי האָבן אומבאַגרעניצטע ליבע „צו דער מענטשהייט", און דאָס שטערט זיי ניט גלייכצייטיק צו האַסן דעם סאָציאַליזם און די סאָציאַליסטן, ניט ווייניקער ווי דעבס האָט געהאַסט דעם קאַפּי־טאַליזם, און מן הסתם אויך, א שפּאָר ביסל קאַפּיטאַליסטן.

ניין, „ליבע צו דער מענטשהייט" איז ניט געווען, און האָט ניט געקאָנט זיין, די גרויסע מעלה פון דעבסן. זיין הויפּט מעלה איז געווען וואָס ער האָט געהאַסט און געקעמפט. און הילקוויט האָט דאָס גוט געוואוסט. כמעט אין איין אָטעם מיט דעם פריער ציטירטן, שרייבט הילקוויט:

„ווייל ער איז געווען אזוי טיף און אזוי דורך אָנגעזאַפּט מיט ליבע פון זיינע מיטמענטשן איז ער געווען א גוטער האַסער. ער האָט געהאַסט אַלע פאָרמען פון אומגע־רעכטיגקייט און אונטערדריקונג מיט א ברענענדיקן האַס, און ער האָט באַשטראָפט די שולדיקע ליידענשאַפטלאָך. גלייך ווי דער איידעלער ישוע הנוצרי (gentle Nazarene) איז דעבס צו יע־דער צייט געווען גרייט מיט פיזישער קראַפט צו פאַרטרייבן די פּרושים און די חלפנים פון דעם בית המקדש. ער איז געווען א קריגער (a crusader) און אַ קעמפער, און קיין זאַך האָט ניט פאַרשאַפט אזוי פיל נחת זיין ליבענדיקער נשמה ווי א שטיי־פער קאַמף פאַר א גוטער זאַך." (זייט 50).

נעמט מען אוועק הילקוויטס „קריסטלאַכע" מליצה, וואָס קלינגט אזוי פאַלש, בלייבט איבער דער אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט, אז דעבס איז געווען פאַר דעם ארבעטער קלאַס דאָסזעלביקע וואָס דעליאָן איז געווען. דאָס איז מער אמת איידער דער גאַנצער געשוואַץ וועגן זיין „ליבע צו דער מענטשהייט".*) דעבס איז געווען אַן איינגע־שפּאַרטער קעמפער, א קלאַסנקעמפער ניט ווייניקער ווי דעליאָן.

*) נאָכדעם ווי דאָס אויבנדיקע איז געווען אויפגעשריבן, האָט דער „פאָר־ווערטס", אין דער זאַנטאָגס אויסגאַבע, אָנגעהויבן דרוקן הילקוויטס דערמאָנטע

פונקט ווי דעליאָן האָט אויך דעבס ביטער באַקעמפט זיינע אייגענע „חברים" אין דער ארבעטער באַוועגונג, די „לייבאָר פייקירס", ווי דעליאָן האָט גערופן די קאָנסערוואַטיווע פירער. אין דעם פּרט איז ניט דאָ קיין שום חילוק צווישן דעבסן און דעליאָנען. דעבס איז געווען מילדער און נאָכגעביקער נאָר דאָרט און נאָר דעמאָלט, וואו און ווען ער איז געווען נאַיווער, ווייניקער איבערצייגט און ווייניקער באַוואוסטזיניק. מען מוז ניט פארגעסן, דעבס האָט זיך ארויפגעארבעט צום סאָציאַליזם לאַנגזאַם און שווערלאך. ער האָט פיל געבלאָנדזשעט, און איז אָפט אין גאַנצן פאַרקראָכן אָן א זייט. איינמאָל האָט ער אפילו געשריבן א בריוו צו דעם אַלטן ראקעפעלער, און ביי אים געבעטן, ער זאָל מיט זיינע מיליאָנען העלפן די מענטשהייט צום סאָציאַליזם. וועגן דעם שווייגט דער פּסוק אין גאַנצן. האָט דעבס אָבער סוף כל סוף דערגרייכט זיין ציל, איז ער שוין פון דעם ניט אַוועק. עס האָט געמעגט קאָסטן פיל עס איז, אפילו תפיסה. אין דער הינזיכט איז ער געווען פּונקט ווי דעליאָן. ער איז געווען איינגעשפּאַרט און ער האָט זיך געהאַלטן פעסט אָן זיינע פּרינציפּן. דעליאָן, אמת, איז קיינמאָל אין געפענגעניש ניט געזעסן. אָבער איז דען דאָ איין מענטש, אָדער איז ווען עס איז געווען איין מענטש וועלכער האָט געקאָנט דעליאָן, וואָס זאָל צווייפלען אין דעם צו דעליאָן וואָלט זיך געווען אָפּגעשראָקן פון תפיסה, ווען זיינע פּרינציפּן וואָלטן דאָס געפאָדערט? אין איין פּרט, קען מען זאָגן, איז דעליאָן געווען א גרעסערער מאַרטירער פון דעבסן. דעבס איז געוואָרן פאַרפאָלגט פון דער הערשנדער מאַכט, אָבער דער ארבעטער קלאַס פון דער גאַנצער וועלט, האָט אים אַפּלאָדירט. דעליאָן איז געוואָרן פאַרפאָלגט און פארלוימדעט פון זיינע אייגענע גענאָסן. עס איז לייכט צו זיצן פאַרשפּאַרט אין תפיסה, ווען מען פילט, אז די הערצער

---

„אוטאָביאָגראַפיע" אין פאַרטזעצונגען אין א אידישער איבערזעצונג. אויס ריינער נייגעריגקייט האָב איך פארגליבן מיין איבערזעצונג פון הילקוויטס אויבנציטירטע עטלאכע זאצן מיט דער פון דעם „פאָרווערטס". ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן צו זען ווי אזוי דער „פאָרווערטס" האָט אָן שום צערעמאָניעס באַזייטיגט דעם קריסטלאכן זאץ: „גלייך ווי דער איידעלער ישוע הנוצרי איז דעבס צו יענער צייט געווען באַרייט מיט פיזישער קראַפט צו פאַרטרייבן די פּרושים און די תלפנים פון דעם בית המקדש". פאַרוואָס האָט מען ארויסגעוואָרפן דעם זאץ? מיין האַרץ זאָגט מיר, אז דאָס האָט דער איבערזעצער ניט געטאָן, מיט זיין אייגענעם ווילן. דאָ איז אודאי געקומען אן „עצה" פון דער העכסטער אינסטאַנץ. יעדנפאַלס דאָס איז כאַראַקטעריסטיש.

פון מיליאָנען קלאַפּן אין טאַקט מיט דעם אייגענעם האַרץ, אָבער עס איז זייער שווער צו זיין איינזאַם צווישן אייגענע מענטשן. צו ווערן פאַרפאָלגט פון די אייגענע חברים פאַר דעם איינציקן חטא וואָס מען איז געבילדעטער און פּרינציפּיעלער פון זיי — דאָס איז שווער צו פאַרטראָגן. דאָס איז די אמת'ע מאַרטירעריי. דעליאָן איז געווען אַזאַ מאַרטירער. ער האָט געליטן, ווייל ער האָט מיט זיין גאַנצן וועזן געשטרעבט צום סאָציאַליזם ווי ער האָט דאָס פאַרשטאַנען, און פאַרשטאַנען דעם סאָציאַליזם האָט ער אַ סך גרינטלאַכער פון די וואָס האָבן אים באַקעמפט, און ער איז געווען פּיאָנער פון דעם פּיאָניקסטן, און אַזוי ערלאַך ווי דער ערלאַכסטער פון זיי.*)

*) „אין אַ באַריכט וואָס דזשאָן ריד האָט איבערגעגעבן דעם 4טן מאַי 1918, ווען ער איז צוריקגעקומען פון רוסלאַנד נאָך דער רעוואָלוציע, האָט ער געזאָגט צווישן אַנדערן: לענין איז אַ גרויסער פאַרערער פון דעליאָן און ער באַטראַכט אים אַלס דעם גרעסטן מאָדערנעם סאָציאַליסט — דער איינציקער וואָס האָט צוגעטראָגן עטוואָס צו דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק זינט מאַרקסן. באָריס ריינשטיין האָט זיך געספּראָוועט מיטצוברענגען קיין רוסלאַנד עטלאַכע פון דעליאָנס פּאַמפלעטן, אָבער לענין וויל מער. ער האָט געבעטן רידן ער זאָל זיך סטאַרען און צושיקן עטלאַכע קאָפּיעס פון דעליאָנס אַלע געדרוקטע זאַכן...
לענין האָט בדעה זיי איבערצוזעצן און שרייבן אַן איינלייטונג צו דעם“.
(זע: — Daniel De Leon — a symposium זייט 81).

## זעכצנטער קאפיטל

# די דעבס באַוועגונג

דאָס ערגסטע וואָס מען וואַרפט פאָר דעליאָנען איז זיין האנד־לונג בנוגע די ארבעטער יוניאָנס, און הויפּטזעכלאך די גרינדונג פון דער „סאָשיאַליסט טרייד און לייבאָר אַליאַנס" (ס. ט. און ל. א.) אלס אָפּאָזיציע צו די עקזיסטירנדע צענטראַלע קערפּערשאַפטן פון קאָנסערוואַטיווע יוניאָנס. ווי די „נייטס אָוו לייבאָר" און די „אַמע־ריקאַן פעדערײשאַן אָוו לייבאָר."

עס איז ניט מיין זאך צו פארטיידיקן דעליאָנס האנדלונג, אדער צו באַווייזן, אז אלע איבעריקע סאָציאַליסטן האָבן ניט ווייניקער פון אים באַקעמפט די א. פ. אָוו ל., אָדער צו דערמאָנען דעם פאקט, אז די א. פ. ל. אליין איז געגרינדעט געוואָרן אלס אָפּאָזיציע צו דער „נייטס אָוו לייבאָר".

עס איז אבער נויטווענדיק צו דערמאָנען און צו באַטאָנען, דעם פאַקט, אז דעבס האָט געגרינדעט אָפּאָזיציע יוניאָנס איידער ער איז געוואָרן א סאָציאַליסט, און ער האָט דאָס געטאָן נאָכדעם ווי ער איז שוין געווען דער אָנערקענטער פירער פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי. און ער האָט דאָס געטאָן צוזאמען מיט דעם פאַרהאַסטן דעליאָן. די געוועזענע אָפּאָזיציע האָט אויך דאָס ניט ליב צו דער־מאָנען.

אין דעם יאָר 1893, ארום דער צייט ווען דעליאָן איז נאָך געווען שטאַרק פארטאָן מיט „בויערן פון אינעוויינינג" די קאָנסער־וואַטיווע יוניאָנס, איז דעבס שוין געווען פארטיק מיט דערדאָזיקער ארבעט. פריער פון דעליאָנען איז ער געקומען צו דער איבערצייי־גונג, אז מען קאָן פון די „לייבאָר פייקירס" גאָר ניט דערוואַרטן

פאַר דער טובה פון די אַרבעטער־פירער פון דעליאַנען, האָט דעבס באַשלאָסן, אַז דער רוף: „קיין פּאָליטיק אין דער יוניאָן" איז ניט מער ווי אַ צודעק וואָס אונטער אים קאָנען די „פּייקירס" באַטרייבן אומגעשטערט זייער פּולבלוטיקע פּאָליטיק פאַר דעם אייגענעם נוצן פון דרויסן פון דער יוניאָן, אין דעם נאָמען פון די אַרבעטער וועמעס פאַרטרעטער זיי זיינען דאָס כלומרשט.

צו יענער צייט איז דעבס געווען דער גרויס־סעקרעטאַר־שאַצ־מייסטער פון דער ברידערשאַפט פון לאָקאָמאָטיוו באַהייצער (Grand Secretary-Treasurer of the Brotherhood of Locomotive Firemen) אַ גאַנץ בכבודער און גוט באַצאָלטער אַמט. אַנאַנדער אויף זיין אָרט וואָלט זיך געווען גאַנץ פיין איינגעמאַסטשעט, און וואָלט אודאי געווען אויסגעלעבט זיינע יאָרן בכבוד גדול און אין נחת. ניט אַזוי דעבס. ער האָט ניט געקאָנט אויסקומען מיט די איבעריקע אייזנבאַן פירער, און ער האָט אָרגאַניזירט די אַמערי־קאַנער שינענוועג יוניאָן (American Railway Union) וואָס האָט גע־זאָלט ווערן איין גרויסע יוניאָן פאַר אַלע מינים אייזנבאַן־אַרבעטער.

די דאָזיקע יוניאָן, מיט דעבסן בראש, האָט אָנגעפירט דעם באַרימטן פּולמאַן סטרייק. דעבס האָט געזוכט צו פאַרמיטלען דעם סטרייק און מר. פּולמאַן האָט דעמאָלט געלאָזן פאַלן די איצט באַ־רימטע פראַזע Nothing to Arbitrate (ניטאָ וואָס צו פאַרמיטלען). דעבס האָט נאָכדעם אַרויסגעלאָזן אַ באָיקאָט געגן די פּולמאַן קאַרס. די גאַנצע געשעפט וועלט, הויפּטזעכלאַך אין און אַרום שיקאַגאָ, איז געווען אין איין שרעק. דזשאָן פּ. אַלטגעלד, דער מאַן וואָס האָט באַגנאַדיגט די אַנאַרכיסטן, איז נאָך געווען גאָווערנאָר פון דעם שטאַט אילינויז. צו אים האָבן די קאַפּיטאַליסטן קיין גרויסן צוטרוי ניט געהאַט. האָבן זיי אַפּעלירט דירעקט צו פּרעזידענט קליוולאַנד, און דער פּרעזידענט האָט געשיקט צען טויזנט סאָלדאַטן, ניט גע־קוקט אויף דעם שטאַרקן פּראָטעסט פון דעם גאָווערנאָר, אַז דאָס איז אומקאָנסטיטוציאָנעל. גלייכצייטיק האָט מען אַרעסטירט דעבסן און זיינע העלפער, און דאָס געריכט האָט אַרויסגעגעבן אַן אינ־דזשאָנקשאָן געגן די פירער. אַזוי שנעל ווי דעבס איז אַרויסגעלאָזן געוואָרן אויף דער פריי, האָט ער, ניט געקוקט אויף דעם אינדזשאָנק־שאָן, באַלד אַרויסגעלאָזן אַ רוף פאַר אַ גענעראַל סטרייק. דעבס

איז נאַטירלאַך אויפֿן שטעל ווידער אַרעסטירט געוואָרן פאַר קאָנ־טעמפּט אויף קאָורט. (מיסאַכטונג פון געריכט).

די פּאַטריאָטישע „אַמעריקאַן פעדערייִשאַן אָוו לייבאָר" האָט זיך אָפּגערופן אויף דעם רוף מיט אַן ענטפער וואָס איז כאַראַקטע־ריסטיש פאַר דער פירערשאַפט פון דעם פאַרשטאָרבענעם סעמועל גאָמפּערס:

„דאָס האַרץ פון אַרבעט אומעטום קלאַפּט אין טאַקט מיט די העראָישע צוועקן און דעם פעסטן גראַנגעל פון דער „אַמע־ריקאַן ריילוויי יוניאָן", אָבער אירע מיטגלידער זיינען „פּונקט אַזוי פּאַטריאָטיש און געזעצמעסיק ווי יעדער אַנדער קלאַס בירגער", און זיי ווילן ניט מען זאָל זיי חושד זיין אין „אָפענע פיינטלעכקייט צו די פעדעראַלע אויטאָריטעטן."

מיט אַנדערע ווערטער: פון קיין אַלגעמיינעם סטרייק האָט גאָר ניט געקאָנט זיין קיין גערייד. די א. פ. ל. וויל ניט מען זאָל איר חושד זיין אין אָפענע פיינטלאַכקייט צו די פעדעראַלע אויטאָ־ריטעטן.

דער פּולמאַן סטרייק איז נאַטירלאַך, געוואָרן צעשמעטערט. דער אינדזשאַנקשאָן איז געבליבן די איינציקע ירושה פאַר דער אַר־בעטער באַוועגונג.

דאָס אַלץ איז געשען אין די יאָרן 1893־1894, איידער דעבס איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט. מיט 12 יאָר שפּעטער, אין דעם יאָר 1906, ווען דעבס איז שוין געווען דער פירער פון די ס. פּ. האָט ער, צוזאַמען מיט דעליאָנען, דעם פירער פון דער טריפה'נער ס. ל. פּ. געהאָלפן גרינדן די „אינדוסטריאַל וואָרקערס אָוו די וואָרלד".

אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע זיינען די פּרינציפּן פון דער ס. ט. און ל. ע. געקומען צו זייער העכסטן און ריינסטן אויס־דרוק. פונדעסטוועגן האָבן מיר ניט געהערט, אַז דער „פאָרווערטס", אָדער די ס. ל. פּ. אָפּאָזיציע זאָל האָבן פּראָטעסטירט געגן דעבסן. אָדער זאָל זיך האָבן אָפּגעשפּאָלטן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי ווי זי האָט עס געטאָן מיט יאָרן פריער. מאָרים הילקוויט שרייבט אין דעם שוין ציטירטן בוך:

„ווען די סאָציאַליסט טרייד און לייבאָר אַלייאַנס" איז געוואָרן אָרגאַניזירט און איז געוואָרן אָפיציעל סאַנקציאָנירט

פון דער פּאַרטיי אויף דער קאָנווענציע פון 1896, האָב איך דאָס ניט געקאָנט אנעמען, און איך האָב זיך פאַר א צייט צוריקגעצויגן פון אקטיווער פּאַרטיי טעטיקייט".

„אָבער איך האָב זיך באַלד ארומגעזען, אז צוריקציען זיך איז ניט קיין לעזונג און איך בין צוריק אריין אין דעם כּאָמוט, אַנטשלאָסן אַנצופירן אן אָפענעם קאַמף געגן דעם גייסט און די פּראַקטיקעס וואָס זיינען צווישן אונז געוואָרן באַקאַנט אונ־טער דעם נאָמען „דעליאָניזם".

איז דאָס געווען זייער שיין פון מר. מאָריס הילקוויט. פאַר־וואָס אָבער, האָט ער זיך ניט צוריקגעצויגן פון דער פּאַרטיי, און האָט ניט באַשלאָסן אַנצופירן אן אָפענעם קאַמף געגן דעבסן מיט 10 יאָר שפּעטער, ווען דער לעצטער האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן די I. W. W. וואָס איז געווען, ווי שוין באַמערקט, א סך שאַרפער אין איר געגנערשאַפט צו די עקזיסטירנדע יוניאָנס און צענטראַלע קער־פּערשאַפטן ווי די S. T. & L. A. איז ווען עס איז געווען? האָט הילקוויט אין די 10 יאָר צייט זיך געניינגט אין דער ריכטונג פון דעליאָניזם? חלילה! אין אַזאַ זאַך וועט אים קיינער ניט חושד זיין. אדרבה, הילקוויט האָט זיך געניינגט אַלץ מער רעכטס. פאַרוואָס זשע האָט הילקוויט ניט געקאָנט אקצעפּטירן דעליאָנען צוליב זיין S. T. & L. A. און האָט מיט גרויס שמחה אָנגענומען דעבסן מיט זיין I. W. W. ? און אויב דאָס איז אזוי, פאַרוואָס האָט הילקוויט אין זיין געשיכטע פון סאָציאַליזם אפילו ניט דערמאָנט די עקזיס־טענץ פון דער I. W. W. און האָט מיט קיין איין וואָרט ניט געגעבן אָנצוהערעניש, אז די אמעריקען רײלוויי יוניאָן איז געווען אן אָפּאָזי־ציע יוניאָן?

דיזעלבע קשיה איז חל אויף דעם „פאָרווערטס". אויך דער „פאָרווערטס" וויל אונז איינריידן, אז ער האָט באַקעמפט דעליאָנען צוליב זיין שטעלונג צו די יוניאָנס. אויב דאָס איז אמת, פאַר וואָס האָט דער „פאָרווערטס" אזוי געדולדיק פאַרטראָגן דעבסן מיט זיין I. W. W. אין דעם יאָר 1906?

מאָריס הילקוויט אין זיין „געשיכטע פון סאָציאַליזם אין די פאַראייניגטע שטאַטן" היט זיך, ווי געזאָגט, צו דערציילן, אז די „אמעריקאַן רײלוויי יוניאָן" וואָס דעבס האָט אָרגאַניזירט, איז גע־

ווען אן אָפּאָזיציע יוניאָן, און די .I. W. W דערמאָנט ער אפילו ניט. אָבער די .S. T. & L. A האָט זיין סאָציאַליסטישע הארץ ניט געקאָנט פארטראָגן. ווי אזוי קאָן מען דאָס דערקלערן? דער תירוץ איז א פשוטער: די גאנצע מעשה איז ניט אמת! מען דארף נאָר האָבן מוט צו קוקן די געשיכטלאכע טאטזאכן גלייך אין די אויגן אריין, מען זאָל זיך איבערצייגן אין די פאַלשקייטן פון דעם פזמון פון זייער געגנערשאפט צו דעליאָנס יוניאָן טאַקטיק.

עס איז געווען דעליאָנס העכערע אינטעליגענץ, ניט זיין יוניאָן טאַקטיק, וואָס זיי האָבן ניט געקאָנט פארטראָגן, עס איז געווען דעם טיפערן געלערנטן און אויסגעהאלטענעם רעוואָלוציאָנער פאר וועמען זיי האָבן זיך געשראָקן. דער נאאיווער און סענטימענטאלער דעבס האָט זיך בעסער געפּאסט פאר זיי.

לאָמיר מאכן א שנעלע עקסקורסיע איבער יענע היסטאָרישע פּאסירונגען און מיר וועלן זען צו מיין אויסטייטשונג פּאסט זיך צו ניט.

ווען דעבס איז געזעסן אין תפיסה, דערציילט מען, האָט ער אָנגעהייבן צו שטודירן דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם. וויקטאָר בערגער זאָל האָבן געווען זיין דער מאַן וואָס האָט צוגעשטעלט דעבסן די ווערק פון קאַרל מארקס, און אנדערע באוואוסטע סאָציאַליסטן, אין תפיסה אריין. וויפיל דעבס האָט דעמאָלט געקאָנט פארשטיין פון מארקסן איז שווער צו זאָגן. קיין גרויסע פּעולה, ווי עס זעט אויס, האָט דאָס אים ניט געטאָן. אפשר שפּעטער יאָ, אבער קיין באלדיקע פּעולה ניט. ווי מיר ווייסן, האָט דעבס אין 1896 שוין נאָכדעם לייענען פון די ביכער, אונטערשטיצט די פּאָליטישע קאַמפּאניע פון ברייען מיט זיין זילבער פּלאטפּאָרמע פון זעכצן צו איינס, א זאַך וואָס קיין געשולטער סאָציאַליסט האָט ניט געקאָנט טאָן. דער ערלאכער און פּרינציפּן־טרייער דעבס וואָלט געווען דער לעצטער דאָס צו טאָן, ווען ער וואָלט געווען געהאַט דעם מינדעסטן באגריף פון מארקס עקאָנאָמישע לערן, אָדער פון זיין פילאָזאָפישן קוק אויף דער געשיכטע. באלד נאָך ברייענס דורכפאַל אין די פּרעזידענט וואלן פון 1896, האָט זיך געגרינדעט אן אזוי גערופענע סאָציאַליסטישע פּארטיי וואו דעבס האָט געשפּילט דעם ערשטן פידל.

די דאָזיקע פּארטיי איז צוזאמענגעשטעלט געוואָרן פון אן ערב

רב פון ליבעראַלן, ראַדיקאַלן און אוטאָפּיסטן, וואָס איז אויפגע־גאַנגען פון דער הענרי דזשאָרדזש באַוועגונג פון צען יאָר פריער. דאָ זיינען געווען די „נאַציאָנאַליסטן" אָרגאַניזירט אויף דער פּלאַט־פאָרמע פון בעלאַמים Looking Backward (ריקבליק) די אַזוי גע־רופענע „נאַציאָנאַליסטן קלובן", (בעלאַמי אַליין, אגב, איז געווען געגן) דאָ זיינען געווען די רעשטלאַך פון דער פּאָלקס פּאַרטיי — די פּאָפּאַליסטן — וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין יאָר 1890 אין דעם שטאַט קענזעס.

די דאָזיקע פּאַרטיי האָט רעקרוטירט אירע מיטגלידער הויפּט־זעכלאַך פון צווישן די קליינע פּאַרמערס (פּויערן). אין 1892 האָט די פּאַרטיי אַרויסגעשטעלט אַן אייגענעם קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט — גענעראַל וויווער — און האָט אין די וואַלן געצויגן איבער אַ מיליאָן שטימען. מיט צוויי יאָר שפּעטער אין 1894 האָט די דאָזיקע פּאַרטיי פאַרגרעסערט איר צאָל שטימען ביז אַ מיליאָן און אַ האַלב. אין 1896 אָבער האָט די פּאָלקס פּאַרטיי באַשלאָסן צו אונטערשטיצן דעם קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי — וויליאַם דזשענינגס ברייען און זיין זילבער פּלאַטפּאָרמע פון זעכצן צו איינס. ווען ברייען איז דורכגעפאַלן ביי די וואַלן איז אויך צופאַלן די פּאָפּוליסטישע פּאַרטיי.

א חוץ די אויבנדערמאָנטע גרופּעס איז אין יענער צייט אויך געווען אַ קליינע סעקטע פון קריסטלאַכע סאָציאַליסטן, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון די פּראָפעסאָרן ריטשאַרד ט. עלי, דזשאָרדזש ד. העראָן און דזשאָן ר. קאַממינגס. צו זיי איז צוגע־קומען די אַמעריקאַנישע פאַביאַן געזעלשאַפט, וואָס האָט געצויגן איר השפּעה פון די ענגלענדער סידני און בעאַטריצע וועב, דזשאָרדזש בערנאַרד שאָו, הענרי ג. וועלס און אַננאַ בעזאַנט. די אַמעריקאַנער פירער פון דער פאַביאַן געזעלשאַפט זיינען געווען דר. בליס און לאָרענס גראָנלאַנד.

נאָך אַ וויכטיקע ראָלע אין יענעם דור הפלגה, האָבן געשפּילט די „קאָקסיסטן".

אין יאָר 1894 האָט דזשייקאָב קאָקסי אָרגאַניזירט אַן אַרמיי פון אַן ערך 20 טויזנט הונגעריקע און אַרבעטסלאָזע (די אַרמיי איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „קאָקסים אַרמיי"). מיט דער דאָזיקער אַרמיי

האָט ער זיך אוועקגעלאָזן קיין וואשינגטאָן כדי פאָרצולייגן פארן קאָנגרעס א פּלאַן ווי אזוי צו מאכן א סוף פון דעם קריזיס. נאטיר־לאך האָט קאקסי מיט זיין ארמיי דעם קריזיס ניט אָפּגעשטעלט. דערפאר האָבן זיי געשפּילט אן אָנגעזענע ראָל אין דער אָרגאַניזירונג פון דער נייער „סאָציאַליסטישער" פּארטיי.

מיט אָט דעם ערב רב אלס מאטעריאל, האָט דזש. א. וויילאנד, רעדאקטאר פון דער „קאמינג ניישאן" און קוירנעל (פּאָלקאָווניק) ר. דזש. הינטאָן אָרגאַניזירט די „סאָציאַל־דעמאָקראטישע פּארטיי פון אמעריקע" וואָס האָט זיך פארנומען איבערצומאכן די קאפּיטא־ליסטישע געזעלשאפט הויפּטזעכלאך דורך דער הילף פון קאָלאָני־זאציע. דער דאָזיקער „פּאָלקאָווניק" הינטאָן (ער איז דאכט זיך, פריער געווען א מיטגליד פון דער ס. ל. פּ.) האָט געהאט זיינע אייגענע טעאָריעס און אידייען ווי אזוי איינצופירן דעם סאָציאַליזם. זיין פּלאַן איז געווען צו פארכאפּן איינעם פון די קלענערע שטאטן אין מערב פון די פאראייניקטע שטאטן דורך דעם וואָס אלע סאָציא־ליסטן פון לאנד זאָלן זיך דאָרט באזעצן און דאָרט איינפירן א סאָציאַליסטיש צוזאמענלעבן.

אָט די אידייע האָט צוגעצויגן דעם סענטימענטאלן און נאאיוון דעבס, און ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דער פּארטיי צוזאמען מיט דעם רעשטל פון דער „אמעריקאן ריילוויי יוניאָן" וואָס איז אים געבליבן געטריי. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און די באוועגונג איז באקאנט געוואָרן אלס די דעבס באוועגונג.

מיט זיין גאנצן פאנאטיזם און פשטות, האָט דעבס זיך אריינ־געוואָרן אין דער קאָלאָניזאציע באוועגונג. דעמאָלט האָט ער דאָס געשריבן זיין בריוו צו דזשאן ד. ראקאפעלער, און צו אים אפּעלירט ער זאָל אוועקגעבן א טייל פון זיינע מיליאָנען כדי צו העלפן גרינדן די סאָציאַליסטישע קאָלאָניעס.*)

איך ווייס ניט פאר וואָס דאָס איז, אבער אלע ביכער וועגן דעבסן וואָס זיינען מיר געקומען צו דער האנט, פארשוויייגן דעם פאקט פון דעם בריוו צו ראקעפעלער. שעמען זיי זיך דאָס צו דער־מאָנען?

---

*) זע Rebel America זייטן 115 און ווייטער.

עס האָט ניט לאַנג געדויערט און דער „פאָרווערטס" צוזאַמען מיט דער אָפּאָזיציע, זיינען אריינגעפאַלן אין די ארעמס פון אָט דער מישמאַש פּארטיי. דער „פאָרווערטס" און די אָפּאָזיציע, וואָס האָבן געשריען, אַז זיי זיינען די אמתע מארקסיסטישע סאָציאַליסטן, האָבן זיך מיט אמאָל פאראייניקט מיט אַן אנגעלאָף פון כל המינים רעפארמערס, קריסטלאַכע סאָציאַליסטן, פּאָפּוליסטן, פאַביאַנער סאָציאַליסטן ,ריינע אטאפיסטן און סתם קריינקס ,אויף אַ פּלאַטפאָרמע פון אוטאָפּישע קאָלאָניזאַציע און פּראָיעקטן מיט אַן אפּיל צו ראָקאַפעלערן ער זאָל העלפן דער באַוועגונג.

האָט דער „פאָרווערטס" געגלויבט אין די אַלע פּלענער אדער כאָטש אין איינעם פון זיי?

האָבן מילער, קאהאַן און ווינטשעווסקי (זאמעטקין איז געווען געגן) איינגעשטימט מיט יענער פּלאַטפאָרמע? מען קאָן זיכער זאָגן, אַז ניט. פאַר וואָס־זשע האָבן זיי זיך אָנגעשלאָסן אַן יענער באַוועגונג? די תשובה ליגט אויבנאויף: דער „פאָרווערטס" מיט דער אָפּאָזיציע האָבן שנעל איינגעזען דעם דורכפאַל פון זייער אוואַנטורע. גיין צוריק האָבן זיי קיין מוט ניט געהאַט, האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט, ווי איינער וואָס טרינקט זיך, אָן אַ שטרוי. אַלץ איז געווען ביי זיי רעכט: אויספאַרקויפן צום „טאָגעבלאַט" אדער זיך אָנשליסן אין אַ דור הפלגה פּארטיי. איבערהויפּט אַ פּארטיי וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען דעבס האָט נאָך געהאַט אַ באַזונדער צוציאונגס קראַפט. מיט דעם פאַקט האָט:

„די אָפּאָזיציע געקראָגן אַ באָדן אונטער אירע פיס; זי איז געוואָרן אַן אוים אָפּאָזיציאָן", ווי דער „פאָרווערטס" האָט דאַן געשריבן, וואָרים זי איז דאָך צוריק געוואָרן אַ טייל פון אַ סאָציאַלסיטישער פּארטיי". (בורגין זייט 425).

אָבער דאָס אַלץ האָט ניט געהאָלפן. דער „פאָרווערטס" האָט קיין „באָדן אונטער די פיס" ניט געקראָגן. גראָד אין יענער צייט האָט די „ארבעטער צייטונג" ארונטער געלאָזן פון פּרייז (פון דריי סענט אויף איין סענט) און ווען עס וואָלט ווייטער אזוי געגאַנגען וואָלט היינט ניט געווען קיין „פאָרווערטס".

## זיבעצנטער קאפיטל

# דער אונטערגאַנג פון „אבענדבלאט"

אויב דאָס אלץ איז פאָרגעקומען אזוי ווי עס איז דאָ באשריבן, ווי אזוי האָט פאָרט פּאַסירט — וועט דער לעזער פרעגן — וואָס סוף כל סוף איז דאָס „אבענדבלאט" אונטערגעגאנגען און דער „פאָרווערטס" האָט זיך צובליט און איז אויסגעוואקסן צו זיין די גרעסטע און רייכסטע אידישע צייטונג אין דער וועלט?

איך האָב שוין אויבן באמערקט, אז קיין געזונט איז דעם „אבענדבלאט" ניט צוגעקומען פון דער אָפּאָזיציע. אָבער ניט די אָפּאָזיציע איז געווען די הויפּט אורזאך וואָס האָט גורם געווען דעם אונטערגאנג פון „אבענדבלאט", נאָר צוויי גאנץ אנדערע פּאַסירונגען, און ניט איינע פון זיי האָט געהאט צו טאָן מיטן „פאָרווערטס". מיט אנדערע ווערטער: די סיבות וואָס האָבן געפירט צום אונ־טערגאנג פון „אבענדבלאט", ליגן אין גאנצן פון דרויסן פון דעם „פאָרווערטס" „פּארדינסטן". די ערשטע פון די צוויי סיבות איז פאָרגעקומען אזויערנאָך:

אין סעפּטעמבער 1897 האָט די „זונטאגס אבענדבלאט" אָנגע־הויבן דרוקן א סעריע ארטיקלען אין וועלכע דער אלטער כתריאל צבי שרהזאן, דער ארויסגעבער פון דעם „יידישן טאגעבלאט", איז פּערזענלאך באשולדיקט געוואָרן, אז ער שווינדלט מיט די פּושקע געלדער וואָס ווערן געזאמלט פאר ארץ ישראל אין די אידישע היי־זער. ב. פיינגענבוים איז געווען דער מחבר פון יענע ארטיקלען. וואָס מען זאָל ניט זאָגן וועגן פיינגענבוימען — ער האָט געהאט א סך מעלות — מיט צופיל טאקט האָט כביכול אים ניט באשאָנקען. אים האָט אויך געפעלט דער עסטעטישער חוש און דער קינסטלערי־שער סטיל וואָס פארהיט אנדערע מענטשן פון טאקטלאָזיקייט. האָט ניט לאַנג געדויערט און דאָס „אבענדבלאט" האָט אויף זיך געהאט

א פּראָצעס פאר פארלוימדונג. פון „אבענדבלאט" האָט הער שרהזאן פארלאַנגט א גרויסע סומע געלט און די רעדאקטאָרן, קראנץ און פייגענבוים, זיינען ארעסטירט געוואָרן פאר קרימינעלע פארלוימדונג. די אדוואָקאטן פון שרהזאנס צד זיינען געווען זיין זון אברהם ה. שרהזן און זיין דאמאָלדיקער קלערק, איצט דער באוואוסטער ריכטער, אטא א. ראָזאלסקי. פון דעם „אבענדבלאטס" צד זיינען מתחלת אויפגעטראָטן, ווי מיר שיינט, דער פארשטאָרבענער סאָציאַ־ליסט ל. א. מאלקיעל, און זיין דאמאָלדיקער שותּף הענרי ל. סלאָבאָדין, (וואָס האָט שפּעטער, אין צייט פון מלחמה זיך אָפּ־געזאָגט פון סאָציאליזם). איך ווייס ניט ווער עס זיינען געווען די אדוואָקאַטן פארן „אבענדבלאט" וואָס האָבן פארענדיקט דעם פּראָ־צעס, ווייל צום סוף בין איך ניט מער געווען פארבונדן מיטן „אבענדבלאט".

איך האָב זיך געווענדעט צו דעם אדוואָקאט הער אברהם ה. שרהזאן נאָך אינפאָרמאציע וועגן דעם אויסגאנג פון פּראָצעס. זיין ענטפער איז ניט גאַנץ גענוי וועגן די איינצעלהייטן און דאטומס פון די ארטיקלען. אין די וויכטיקסטע זאכן פון פּראָצעס, אבער, גיט אונז זיין בריוו א בילד פון דער גאנצער אָנגעלעגנהייט. איך גיב דאָ דערפאר א ווערטערלאכע איבערזעצונג פון זיין ענגלישן בריוו צו מיר. ער שרייבט:

חשובער הער מילך:—

אין הסכם מיט אייער בקשה דורך דעם טעלעפאָן, שטעל איך דאָ צו די פאָלגנדיקע פרטים פון דעם פּראָצעס פון מיין פאָטער עליו השלום קעגן דער ארבעטער צייטונג פּאָבלישינג אסאָסיאיישאָן, פיליפּ קראנץ און בערנארד (ער מיינט בנימין) פייגענבוים.

די אָנפאלן אויף מיין פאָטער אין דעם „אבענדבלאט" האָבן זיך געצויגן דורך די חדשים יולי און אויגוסט פון דעם יאָר 1898. (דאָס האָט זיך אין אמתן אָנגעהויבן אין סעפּ־טעמבער 1897.—י. מ.)

איך האָב אָנגעהייבן א צאָל אקציעס אין דער פארטיידי־גונג פון מיין פאָטער קעגן דער פּאָבלישינג אסאָסיאיישאן אלס דער ארויסגעבער פון דעם „אבענדבלאט" און פיליפּ קראנץ און

בערנארד פייגענבוים אלס די רעדאקטאָרן. איך האָב אויך געלאָזן ארעסטירן קראנצן און פייגענבוים אויף דער באשול־דיגונג פון קרימינעלע פארלוימדונג און שפּעטער, נאָך א לאנגן פארהער פאר דעם פארשטאָרבענעם שטאָט מאגיסטראט בראַ־נען, זיינען זיי פארהאלטן געוואָרן אָפּצואוואַרטן די בעראַטונג פון דער גרענד דזשורי. (די גרויס געשוואָרענע—י. מ.) איינע פון די אקציעס וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן אין דעם סופּרים קאָורט דעם 29טן יולי 1898, איז געווען אויפצומאָנען שאדן־געלט פאר אן ארטיקל וואָס איז געווען פארעפנטלאכט דעם 26טן יולי 1898 אונטער דעם אויפשריפט „מר. שרהזאן וואו קומען אהין די פּושקע געלדער?" דער פאל איז פארהאנדלט געוואָרן אין געריכט דעם 4טן און 5טן מערץ 1901 און דאָס געריכט האָט צוגעפּסקנט מיין פּאָטער די סומע פון 3500 דאָלער. דעם 12טן מערץ 1901 איז ארויסגענומען געווארן אן עקזעקוציע אויף דער סומע פון 3823 דאָלער מיט 17 סענט.

איין טאָג נאָך דעם פּראָצעס, און נאָך איידער אפילו די עקזעקוציע איז ארויסגענומען געווארן, דאָס הייסט דעם 6טן מערץ, האָט די פּאָבלישינג אסס'ן איבערגעשריבן איר גאנץ אייגנטום אויפן נאָמען פון אירע קרעדיטאָרן, — צו יוליס האמער. דער חשבון האָט געוויזן, אז די פּאָבלישינג אסס'ן האָט שולדן אויף 13.059 דאלאר און פארמעגנט $16,99.

ווייטערדיקע איינצלהייטן אָדער מער אינפאָרמאציע בנוגע דער דאָזיקער אנגעלעגנהייט וועט מיט פארגעניגן אייך צו־שטעלן אייער איבערגעבענער

אברהם ה. שרהזאן.

די דאָזיקע פּאסירונג איז געווען דער לעצטער קלאַפּ. אבער איידער דער קלאַפּ איז געקומען האָט עטוואָס פּאסירט וואָס האָט באמת געפירט צום אונטערגאנג פון „אבענדבלאט".

ווען ניט די דאָזיקע פּאסירונג וואָלט נאָך אפשר אויך היינט דאָס „אבענדבלאט" געווען עקזיסטירט, ווארום מיר זעען אז אפילו נאָכדעם ווי דאָס „אבענדבלאט" האָט איבערגעשריבן דעם פאר־מעגנס — אפילו נאָך דעם האָט נאָך די צייטונג עקזיסטירט א יאָר צייט. אזוי איינגעפונדעוועט איז די צייטונג געווען.

איך רייד דאָ פון דער פאַסירונג וואָס איז באַקאַנט אַלס די צווייטע אָפּאָזיציע, די אָפּאָזיציע געגן דער סאָציאַליסטישער ארבע־טער פארטיי (די ס. ל. פּ.) S. L. P. די דאָזיקע אָפּאָזיציע איז פאָרגעקומען אין יולי 1899. דאָס איז געווען אן אמתע איבער־קערעניש אין די רייען פון דער סאָציאַליסטישער פארטיי. די וויכ־טיקסטע קרעפטן זיינען דאן ארויס פון דער פארטיי; די מיינסטע דייטשע סאָציאַליסטן מיט דער טעגלאכער דייטשער פרעסע — „די פאָלקס־צייטונג", מיט אירע רעדאקטאָרן בראש, האָבן זיך אפּגעטיילט פון דער פארטיי. דער קאמף איז געווען א פארביטערטער, מען האָט זיך באַקעמפט אין די געריכטן, מען האָט זיך באקעמפט אויפן פּאָלי־טישן פעלד און מען האָט אויך געשפּאָלטן קעפּ. דער דערמאָנטער סלאָבאָדין איז געווען זייער ענערגיש אין דעם פאַל. ער האָט דוקא געוואָלט פלעטן דעליאָנס קאָפּ, ווי ער האָט מיר אליין דערציילט.

דאָס „אבענבלאט" איז אָפיציעל פארבליבן מיט דער אלטער פאר־טיי, אָבער די רעדאקטאָרן, די מיטארבעטער, די פארוואלטונג און פיל אנדערע טוער זיינען איבערגעגאנגען צו דער אָפּאָזיציע. צווישן זיי זיינען געווען פיליפּ קראַנץ, ב. פייגענבוים, נ. י. סטאָון, ל. ב. בודין, דר. אב. קאספּע, דר. יוליס האלפערן, ל. קאָברין, דר. א. אָרטמאַן, וויליאם עדלין, אייזיק לעווין, דער פארוואלטער, דער שרייבער פון די שורות און נאָך פיל אנדערע. די „יתר הפליטה", די וואָס זיינען פארבליבן מיטן „אבענדבלאט" זיינען געווען מיינסטנס יונגע אדער אומדערפארענע מענטשן. מ. בער, א געבילדעטער דייטש־אידישער סאָציאליסט און א פייאיקער זשורנאַליסט, וואָס איז ניט לאַנג געווען אין לאַנד, האָט איבערגענומען די רעדאקציע, אבער ער האָט זיך לאַנג ניט געהאלטן. נאָך דעם האָבן זיך גענומען בייטן די רעדאק־טאָרן, ה. סימפּסאָן צווישן זיי, ביז די רעדאקציע איז אָנגעקומען צו יוסף שלאָסבערג וואָס איז דאַן אַלט געווען ארום 21 אָדער 22 יאָר. די דאָזיקע פאַסירונג האָט אָפּגעצאַפּט דאָס לעצטע ביסל בלוט פון דער צייטונג. פונדעסטוועגן האָט זי זיך דאָך געהאלטן, אבער ווען צו דעם איז נאָך לסוף צוגעקומען דער פּסק דין פון די קנאַפּע 4 טויזנט דאָלער האָט זי שוין מער ניט געקאָנט אויסהאלטן. זי האָט זיך נאָך אפּגעמאַטערט קנאפּע 10 חדשים און איז אויסגעגאַנגען.

אינטערעסאנט איז, אז די אַלע ירידות פון דעם „אבענדבלאט"

האָבן זייער ווייניק געהאָלפן דעם „פאָרווערטס". לאָמיר דאָ ברייננגען דאָס עדות זאָגן פון אונזער אַלטן פריינט בורגין.
ער שרייבט:

אין די יאָרן 1900־1901 האָט דער „פאָרווערטס" גאָר ניט געהאַט קיין פאַראַנטוואָרטלאַכן רעדאַקטאָר. די שרייבער זיי־נען געווען ש. פּעסקין, ס. עליזאַוויטש, מ. פּיין, א. ליעסין, מ. זאַמעטקין, ל. מילער, מ. קאַץ, א. פרומקין און אַנדערע... דאָס וואָס די רעדאַקטערע האָבן זיך אָפּט געביטן און די צייטונג האָט ניט געהאַט קיין פאַראַנטוואָרטלאַכע רעדאַקטערע, איז געווען טיילווייז די אורזאַך, וואָס דער „פאָרווערטס" האָט ניט קיין געהאַט קיין באַשטימטע ריכטונג. מען דאַרף נאָך נעמען אין אַכטאַכט, אַז ביי די פאָרווערטסיסטען איז סתם ניט געווען קיין פּרינציפּען אייניגקייט... (627)

אַזוי ווייט, רעדט בורגין נאָר וועגן דער אָרימקייט און אומ־אייניקייט אין זייער ריכטונג און אין זייערע פּרינציפּן. וועגן פינאַנ־ציעלע אָרימקייט שרייבט ער באַזונדער אויף א ווייטערדיקע זייט בזה הלשון:

די צייטונג איז געווען שרעקלאַך אָרים און האָט געלעבט פון האַנט צו מויל. דאָס איז געווען די אורזאַך וואָס זי האָט ניט געהאַט קיין פאַראַנטוואָרטלאַכן רעדאַקטאָר, און וואָס פון צייט צו צייט פלעגט אויפשווימען די פראַגע וועגן פאַרקויפן די צייטונג. זי איז אימער געווען אין חובות; זי איז שולדיק געווען דעם לענדלאָרד (פאַר דירה געלט), די שרייבער, די זעצער, די פּאַפּיר קאָמפּאַניע און זייטיקע מענטשן ביי וועלכע זי פלעגט לייען געלט. (628)

איז די נייע אָפּאָזיציע טאַקע שטאַרק צונויץ געקומען דעם „פאָר־ווערטס". מאַנכע פון אונז האָבן שוין געהאַט אביסל געלט. די „קאַנגאַרוס", ווי דעליאָן פלעגט רופן די אָפּאָזיציע פון 1899, האָבן באַלד ווי זיי זיינען אַרויסגעטראָטן פון „אַבענדבלאַט" געגרינדעט א נייע צייטונג „די אידישע פאָלקס צייטונג", אָבער זי האָט זיך ניט לאַנג געהאַלטן.

אין 1901־1902, שרייבט וויטער בורגין, האָט די אָפּאָזי־ציע געפּלאַנעוועט ארויסצוגעבן א נייעם זשורנאַל, נאָר ווען דער „פאָרווערטס" האָט געהאַלטן שמאָל, האָט זיי מילער צו־געצויגן זיי זאָלן אנשטאָט א נייעם אָרגאַן, העלפן אויפהאַלטן דיזע ציימונג. מיט מילערס מיטווירקונג זיינען ל. קאָברין, וו. עדלין, א. ארטמאַן, י. האַלפּערן, אב. קאספּע און אַנדערע גע־וועזענע „קאַנגאַרוס" אריין אין די אסאָסיאיישאַן פון „פאָר־ווערטס". זיי האָבן צוזאַמען געגעבן וועקסלען אויף א סומע פון א 1500 דאָלער און אויף אזא אופן געראַטעוועט דעם „פאָרווערטס". (631)

עס זיינען אַלזא געווען אָט די „טונקעלע פּערזאָנען" וואָס האָבן געהאָלפן ראַטעווען דעם „פאָרווערטס" פון אונטערגאַנג. זיי האָבן געהאָלפן ראַטעווען דעם „פאָרווערטס" פון אונטערגאַנג, אבער ניט פון זיין געלקייט. דאָס האָט מילער ניט דערלאָזן. פאַר דאָס, ווען עס איז געקומען צו באַנייען די וועקסלען, האָט אונזער צד געפּאָ־דערט גאַראַנטיען צו האָבן א גרעסערע דעה אין דער רעדאַקציע. דעם גוטן צוזאָג האָט מען מער ניט געגלויבט. מען האָט זיך גערונ־גען ווי אויף א יאַריד און עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז מיר זאָלן געווינען אונזער פּונקט, איז געקומען מילער און האָט צום סאַמע סוף אַלץ איבערגעקערט. ער האָט געפונען עפּעס א טעאַטער מענטש, שיינט מיר, וואָס האָט אים צוגעזאָגט צו שאַפן דאָס געלט. מילער האָט אונז מיט אונזערע פּרינציפּן מער ניט געדאַרפט. א טעאַטער מענטש האָט צוגעזאָגט געלט... בורגין גיט איבער דעם ענין אויף אזא אופן:

פון אָנהויב איז אַלץ געגאַנגען כשורה. אבער נאָכהער האָבן זיך אָנגעהויבן מיספאַרשטענדניס. מילער וואָס איז גע־ווען דער באָס (באַלעבאָס—י. מ.) פון „פאָרווערטס" איז גע־ווען אומצופרידן מיט אייניקע ענדערונגען, וואָס זיינען אונ־טערן איינפלוס פון די „קאַנגאַרוס" איינגעפירט געוואָרן, און האָט זיי גענומען שטופּן פון דער אסאָסיאציאָן". די „קאַנגאַ־רוס" האָבן זיך ביסלעכווייז צוריקגעצויגן פון „פאָרווערטס" (זייט 631)*)

*) דאָס לעצטע איז ניט גאַנץ ריכטיק. די מייסטע פון די „קאַנגאַרוס" זיינען

אצינדער איז אָנגעקומען די ריכטיקע צייט פאר קאהאנען צוריקצוקומען אין „פאָרווערטס" אלס רעדאקטאר. די הויפט שוועריקייטן זיינען געווען באזייטיקט. דאָס „אבענדבלאט" האָט געהאלטן ביי יציאות נשמה, די וויכטיקסטע מענטשן פון דער נייער אָפּאָזיציע, די אמאָליקע „בעזגראמאָטנע" זיינען געווען אין דער „פאָרווערטס" אָרגאניזאציע צו באַקעמפן מילערן אינעוויניק, די אידן פארפאָלגונגען אין רוסלאנד זיינען געוואקסן און די עמיגראציע פון יענעם לאנד איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג. מיט איין וואָרט: א שטראל פון הצלחה האָט אָנגעהויבן צו שיינען אין פענסטער פון „פאָרווערטס". איז טאקע באלד אויסגעוואקסן אן אנגעזעענער קאָמיטעט, וואָס איז געקומען צו קאהאנען און אים געבעטן ער זאל קעניגן איבער זיי. און קאהאן האָט זיך ניט געלאָזן לאנג בעטן. ער איז געקומען, האָט איבערגענומען די ממשלה און ער איז דער „מושל בקיפה" ביז אויף היינטיקן טאָג.

איך בין איצט אָנגעקומען צו דעם סוף פון דעם פעריאָד 1893-1902.

וואָס איז געווען נאָכדעם, איז ניט דאָ מיין אויפגאבע צו דערציילן. איך שרייב דאָ ניט די געשיכטע פון „פאָרווערטס". דעם ציל וואָס איך האָב זיך געשטעלט — צו באַלייכטן די געשעענישן פון יענער עפּאָכע בנוגע די צוויי אידישע סאָציאליסטישע צייטונגען ווי זיי זיינען געשען אין זייער נאטירלאכער סביבה — האָב איך, שיינט מיר דערגרייכט.

---

די דאָזיקע ארבעט איז געווען ניט קיין גרינגע. עס איז לייכט צו פארקרימען דאָס גלייכע אָבער זייער שווער דאָס פארקרימטע אויסגלייכן. צוליב דעם האָב איך געמוזט אזוי פיל ציטירן בורגינען. ווי שוין באמערקט, האָט בורגין ערלאך צוזאמענגעשלעפּט די פאקטן

---

פארבליבן, „צוריקגעצויגן" האָט זיך דער שרייבער פון די שורות מיט א היפּשער צייט שפּעטער, ווען די שרייבער פון „פאָרוועטס" זיינען ארויס אין סטרייק. דעמאלט האָב איך פארעפנטלאכט אַן ארטיקל אין „די שרייבערס צייטונג" פּראָטעסטירנדיק געגן דעם „פאָרווערטס". עס איז דאַן אריינגעבראכט געוואָרן א קלאגע געגן מיר אין דער „פאָרווערטס" אסאָסיאיישאַן פאר דיסציפּלין ברוך. איך האָב אויף דער קלאגע ניט געענטפערט און בין מער ניט געקומען ביז דעם יאָר 1916, ווען איך האָב, ווי שוין דערציילט, אָנגעהויבן מיטצואַרבעטן אין דעם „פאָרווערטס" אויף קאהאנס איינלאדונג.)

אַבער ער האָט זיי אזוי צוזאַמענגעשטעלט, דאָס זיי פארשטעלן דאָס בילד. די ארבעט איז אויך טיילמאָל ניט געווען אנגענעם. איך פיל ניט קיין שנאה צו קיינעם פון יענע מענטשן. איך בין אפילו ניט אין כעס אויף זיי. מיט די מיינסטע פון זיי בין איך שפעטער געוואָרן ווידער באפריינדעט. אפילו מיט מילערן, עס פאלט אָפט שווער אויפ־צוכאפּן פאָטאָגראפישע סקיצן פון מענטשן ווען זיי קוקן ניט, אדער פון אזעלכע וואָס זיינען ניט מער צווישן די לעבעדיקע, און קאָנען דערפאר ניט פּאָזירן און זיך גרימירן ווי זיי האָבן צום בעסטן ליב, אָדער ליב געהאַט, זיך צו באווייזן פארן עולם. ווען ניט דער אומ־ווידערשטייליכער דראַנג אין מיר אוועקצושטעלן יענע פּאסירונגען אין זייער ריכטיקן ליכט און אָרדענונג אין הסכם מיט די היסטאָרישע געשעענישן, וואָלט איך די ארבעט בשום אופן ניט געווען געמאכט. איצט אבער, אז די ארבעט איז פארטיק, בין איך צופרידן. אראָפּ אַן עול פון קאָפּ. זאָל די געשיכטע טאָן מיט דעם וואָס זי וויל. איך האָב דערפילט מיין חוב.

יעקב מילך

ברוקלין, נ. י., דעם 28טן יולי, 1934.